# די יודישע צוקונפט

א חודש זשורנאל פאר לעבען, ליטעראטור און וויסענשאפט.

רעדאקטאר: דר. י. ווארטסמאנן.

צווייטער יאהרגאנג. יוני. 1905 VI. העפט.

## אינהאלט:



קראקוי לאנדאן נעוו־יארק.

**DIE JÜDISCHE ZUKUNFT**

Monatsschrift für Leben, Literatur und Wissenschaft.

**Zweiter Jahrgang. Juni 1905, VI.**

Preis: 6 Kr. ganzjährig; 3 Kr. halbjährig.



Verlag „Die jüdische Zukunft".
Für die Redaction verantwortlich—M. Fischer.
Druck von Josef Fischer in Krakau.

# קאטאלאג

פֿון דער אינטערנאציאנאלער ביבליאטהעק פֿערלאג קא.

פיליפּ קראניץ, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, 1000 זייטען, 100 בילדער, שיין געבונדען, פרייז יעדער באנד 75 ס.

„ „ די געשיכטע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן, 3 טהיילען אין איין באנד, שיין געבונדען 75 „

„ „ יציאת מצרים, מיט א קארטע פון מצרים 15 „

„ „ אריסטאטעל, זיין ביאָגראפֿיע, 10 „

„ „ וואס הייסט נאציאן — זיינען אידען א נאציאן? 10 „

„ „ אמעריקא פאר קאלומבוס, א קולטורגעשיכטליכע נאַכ־פֿארשונג, 169 זייטען מיט 44 צייכנונגען שיין געבונדען, פרייז 50 „

„ „ ברוך ספינאזא, זיין לעבען און זיין פילאָזאָפֿיע 15 „

„ „ שבתי צבי, זיין ביאָגראַפֿיע 15 „

„ „ יאזעפוס פלאוויוס, זיין ביאָגראפֿיע 15 „

„ „ בר־כוכבא, זיין ביאָגראפֿיע 15 „

„ „ מאהאמעד 15 „

„ „ דון יצחק אברבנל און זיינע זיהן, 15 „

„ „ דיא פאמיליע ראטהשילד 15 „

„ „ מעירבער, זיין ביאגראַפֿיע 15 „

„ „ לעססינג און מענדעלסזאהן, זייערע לעבענס, שריפֿטען און טהעטיגקייט, שיין געבונדען 50 „

„ גארדין, גאט, מענש און טייוועל, דראַמא אין 4 אקטען 20 „

„ וואלטער, זיין ביאגראפיע 10 „

דר. קאספע, מטכאניקע, נאָך סיר אייזאק ניוטאָן 10 „

„ „ „ אסטראנאמיע 15 „

„ „ אנפאנג פון כעמיע 15 „

מ. באראנאוו, דער מענש און די נאטור 10 „

ל. טאלסטאי פאטריאטיזמוס און רעגירונג 05 „

„ דער איינציגער מיטעל 05 „

ביידע בראָשורען איבערזעצט פון מ. קאטץ.

מאקסים גארקי, ערצעהלונגען, איבערזעצט פון ה. אלעקסאנדראָוו 15 „

ה. אלעקסאנדראוו, טאלסטאי, זיין ביאָגראפיע 10 „

ב. פיינענבוים, רמב״ם, זיין ביאָגראפיע 10 „

מ. וויערניק, רב סעדיה גאון, זיין ביאָגראפיע 10 „

פ. וויערניק, דער ווילנער גאון, זיין ביאגראפֿיע 10 „

מ. פרומקין, ר׳ ישראל בעל שם טוב, זיין ביאָגראפיע 10 „

מאררים ראזענפעלד, נעזא זעלטע לידער, 337 זייטען, אילוסטרירט, שיין געבונדען 100 .

ד. מ. הערמאלין, יצחק בער לעווינזאהן, זיין ביאָגראפֿיע מיט זיין בילד 15 .

---

פאדערט אונזער נייעם אילוסטרירטען קאטאלאג איהר וועט איהם בעקומען פריי.

אגענטען ווערען געפאדערט איבעראל!

---

צו בעקומען ביי:

**The International Library Pub. Co., 23 Duane St., New-York. U. S. A.**

# אַ מָאדֶערנֶער נָבִיא.

---

הוֹיבְּט אוֹיף דֶעם מִיעֶדען קָאפּ,
גְלַייכְט אוֹיס דֶעם אַיינְגֶעבּוֹיגְטֶען רוּקֶען,
צֶעפְּלֶעכְט דִי דַארֶע הֶענְד,
הוֹיבְּט אוֹיף דִי אוֹיגֶען אוּן דֶערְקֶענְט —
דֶעם נָבִיא!

אַ נָבִיא שְׁטֶעהט פַאר אַייך —
נִיט דִי הִימְלֶען הָאבֶּען מִיךְ גֶעשִׁיקְט;
נִיט דִי הִימֶעל־גֶעטֶער הָאבֶּען מִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט;
נִיט דִי הִימֶעל־זוּנֶען הָאבֶּען מִיר גֶעלַייכְט;
נִיט וַוייסְבֶּעפְלִיגֶעלְטֶע מַלְאָכִים הָאבֶּען מִיךְ בֶּעלַייט
דֶעם וֶועג פוּן הִימֶעל, בִּיז דִי מֶענְשֶׁען.—

אִיךְ בִּין אַנְ׳אַנְדֶער נָבִיא —
מִיךְ הָאט גֶעשִׁיקְט דִי שְׁוַוארְצֶע עֶרְד.
דִי שְׁוַוארְצֶע עֶרְד, זִי הָאט גֶעצִיטֶערְט אוּנְטֶער מַיינֶע פִּיס.
אוּן הָאט גֶעטְרִיבֶּען מִיךְ מִיט גְ׳וַואלְד;
טוֹיטֶע קְלָלוֹת הָאבֶּען מִיךְ גֶעיָאגְט צוּ אַייךְ,
גֶעפְלוֹיגֶען זֶענֶען נָאךְ מַיין רוּקֶען שְׁטַיינֶער —
אוּן הָאבֶּען מִיר מַיין וֶועג גֶעשְׁטֶערְט.
מַיין וֶועג — עֶר אִיז בֶּעפַארְבְּט מִיט בְּלוּט,
אִין הִימֶעל שְׁטֶעהט אַ זוּן אוּן טְרִיקֶענְט,
טְרִיקֶענְט אוֹיס דִי רוֹיטֶע בְּלוּטִיגֶע סִימָנִים — —
אִיהר זֶעהט דֶעם נָבִיא?

— אַמָאדֶערְנֶער נָבִיא! —

אִיךְ בִּין צוּ אַייךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין אַנ׳אָסְיֶען־טָאג,
עֶס הָאט גֶעקַאפֶּעט פּוֹיל אַנ׳אָסְיֶען־רֶעגֶען,
אַגְרוֹיעֶר אָסְיֶען־הִימֶעל אִיז אִיבֶּער מִיר גֶעלֶעגֶען ;
אִיךְ הָאבּ גֶעזוּכְט בַּיי אִיהם אַ וָואלְקֶען,
אִיךְ הָאבּ גֶעזוּכְט בַּיי אִיהם אַ חַבֵר אִין מַיין אוּמֶעדִיגֶען וֶועג,
אִיךְ הָאבּ קַיין וָואלְקֶען אִין דֶעם הִימֶעל נִיט גֶעזֶעהְן,
גְרוֹי דֶער מִזְרַח, גְרוֹי דֶער מַעֲרָב, אוּמֶעטוּם אִיז גְרוֹי גֶעוֶוען...
עֶךְ אַנ׳אָסְיֶען־גְרוֹיעֶ אוּמֶעטִיגֶע וֶועלְט !
אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען —
גְרוֹי אוּן טְרוֹיעֶרִיג אִיז מִיר גֶעוֶוען אִין הַארְצֶען.
דִי פָּאלֶעס פוּן מַיין מַאנְטֶעל הָאבּ אִיךְ אִין דִי הֶענְד גֶענוּמֶען,
דִי קְנִיע בֶּעהַאלְטֶען אִין דִי הוֹיכֶע שְׁטִיוֶועל,
אוּן גֶעשְׁפְּרַייזְט אִין בְּלָאטֶע...
בּוֹימֶער זֶענֶען אִין דֶער זַייט גֶעשְׁטַאנֶען,
אוּן הָאבֶּען מָרָה־שְׁחוֹרָה׳דִיג גֶעשָׁאקֶעלְט
מִיט זֵייעֶרֶע גֶעקְרוֹיזְטֶע קֶעפּ.
פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען זֵייעֶרֶע גְרִינֶע לָאקֶען
אוֹיסְגֶעקְרָאכֶען, אוּן אַרוֹיסְגֶעפַאלֶען, —
פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ הַאלְבּ־לֶעבֶּעדִיגֶע בְּלֶעטֶער —
גֶעטְרוּנְקֶען אִין אַ בְּלָאטֶע...
אִיךְ בִּין צוּ אֵיינֶעם פוּן דִי בּוֹימֶער צוּגֶעפַאלֶען,
צוּגֶעדְרִיקְט צוּ אִיהם דִי לִיפֶּען,
אוּן גֶעטְרוּנְקֶען זַיינֶע בִּיטֶערֶע גְרִינֶע טְרֶערֶען...
— וֶוער בִּיסְטוּ עֶס ? — הָאט מִיךְ גֶעפְרֶעגְט דֶער בּוֹים,
— אַ נָבִיא ! —
— אַמָאדְנֶער נָבִיא ! — הָאט דֶער בּוֹים גֶעפְלִיסְטֶערְט שְׁטִיל צוּ־זִיךְ

* * *

דֶער וֶועג בַּיי נַאכְט אִיז שְׁרֶעקְלִיכֶער נוּר הֵיימְלִיכֶער,
אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁפְּרַייזְט אִין בְּלָאטֶעס אוּן הָאבּ זֵיי נִיט גֶעזֶעהְן,
דִי נַאכְט אִיז שְׁרֶעקְלִיכֶער נוּר הֵיימְלִיכֶער !
גְרוֹי אִיז גֶעוֶוען דֶער טָאג, גְ ר וֹ י אִיז דִי פַארְבּ פוּן טוֹידט...
דִי נַ א כְ ט — דִי נַאכְט מֶעג זַיין וֶוער וֵוייסְט ווִי שְׁוַוארְץ —
צִינְד אָן אַ לָאמְפּ, בְּלָאז אוֹיף אַ פַייעֶר —

פֶערְוואַנְדעלְט זִיךְ דִי נַאכְט אִין טָאג !...
אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער נַאכְט —
אַ נַאכְטער ווִינְד הָאט זִיךְ אוֹיף מִיר צוּלַאזְט,
פַארְשְׁטֶעלְט דֶעם ווֶעג מִיר, אוּן בֶּעזוּכְט מִיר אִין דִי טַאשֶׁען...
עֶר הָאט פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶעהַאפְּט אַפָּאר פַּאפִּיעֶרְלֶעךְ,
אוּן הָאט מִיט כַּעַס צֶעקְנֵייטְשְׁט דִי ווַייסְע בְּלוּמֶען,
אוּן הָאט בֶּעגְרָאבֶּען זֵיי אִין בְּלָאטֶע...

פִינְסְטֶער אִיז גֶעוֶוען, פוּן עֶפֶּעס ווַייט —
הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעהן פִיעל קְלֵיינֶע הַייזְלֶעךְ,
ווִי אוֹיסְגֶעוואַשֶׁענֶע פֶערְווַייסְטֶע מַייז...
שַׁארְפֶע־רוֹיטֶע שְׁטְרַאהְלֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעזַייט
דוּרְךְ לָאדֶען, —
אַנְ'אָבְּגֶערִיסֶענֶער גֶעלֶעכְטֶער הָאט זִיךְ אַזְשׁ צוּ מִיר גֶעקַייקֶעלְט
מִיט אַ גֶערוּךְ פוּן אַלְטֶען גוּטֶען ווַיין —

פְּרִיצִים ! —
שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען זֵיי, — דִי פְּרִיצִים!
מִיר דַאכְט זִיךְ, אַז זֵיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶעבּוֹיט דִי הַייזְלֶעךְ,
אִין אַלֶע ווִיסְטֶע עֶרְטֶער מִיךְ צוּ קְרֶענְקֶען ;
מִיר דַאכְט זִיךְ, אַז זֵיי שְׁפַּאלְטֶען זֵייעֶרֶע לָאדֶען
מִיךְ צוּ שְׁטֶעכֶען מִיט דִי שַׁארְפֶע רוֹיטֶע שְׁטְרַאהלֶען ;
מִיר דַאכְט זִיךְ אַז זֵיי לַאכֶען —
מִיךְ צוּ עֶרְשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם קַיילֶעכְדִיגֶען שְׁטֵיינֶערְנֶעם גֶעלֶעכְטֶער
אוּן אִיז עֶס דֶען דֶער רֵיחַ פוּן אַלְטֶען גוּטֶען ווַיין ?
אִיז עֶס דֶען נִיט גִיפְט ?

אוּן מַזָל הָאבֶּען זֵיי, דִי פְּרִיצִים !
טְרַייעֶ מָאפְּסֶען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אֵיינְגֶעשַׁאפְט,
מִיט לַאנְגֶע אוֹיעֶרֶען, שַׁארְפֶע צֵיין, אוּן אָהן אַבֶּערֶעקֶעל מֹחַ,
ווָאס פְּרִיהֶרֶען אָב דִי נֶעכְט אוֹיף דְרוֹיסֶען,
ווַארֶעמֶען זִיךְ אָן קַאלְטֶע לָאדֶען,
אוּן ווִינְשֶׁען זֵייעֶרֶע פְּרִיצִים גוּטֶע טְרוֹימֶען...

זֵיי הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ מִיר גֶעיָאגְט מִיט אַ גֶעבִּיל ;
אוּן הָאבֶּען ר י ס ע ן מִיר גֶעמַאכְט אִין מַאנְטֶעל,
אִיךְ הָאבּ מִיט אֵיין הַאנְד זֵיי צֶעטְרִיעבֶּען,
אוּן מִיט דֶער אַנְדֶער הַאנְד גֶעגְלֶעט דֶעם גְלַאטֶען הֶפְקֵר־פֶּעל...

— װער בּיזטו? — האָבּען זיי צו מיר געבּילט
— אַ נביא!
— אַ מאָדערנער נביא! — האָבּען זיי געמורמעלט צווישעו זיך
און גענומען װידער בּייסען מיך...

* * *

פינסטער איז געװען. אין איין עק הימעל
האט זיך אַ קליין שטערענדל בּעװיזען —
צו־װאָס? צו־װען? דאָס האָבּ איך ניט געװאוסט...
אפשר אויך אַ נביא? ניין, אַ נביא ציטערט נישט;
אַ נביא שטעהט ניט אויף איין אָרט! אַ נביא —
װערט קיינמאל ניט צוטומעלט —
מעג דער הימעל זיין װער װייס, װי שװאַרץ...
װאָס ציטערט ער אַזוי, װאָס שװידערט ער?
עס איז איהם אומעטיג דעם שטערען אין זיין הימעל!
קום, קום אַראָבּ צו־מיר! דו װעסט מיר נוטצען,
דורך פרומע אַרבּייט מאך איך דיר דיין לעבּען זיס...
קום, קום אַראָבּ צו מיר!
דו װעסט דאָ קראַנקע אויגען היילען
און אויסטרעטען פאַר זיי אַ װעג צום זון...
— װער בּיסטו? — האָט דער שטערען מיך געפרעגט
— אַ נביא!
— אַ מאָדערנער נביא... האָט דער שטערענ'דל געציטערט
און געשראָקען זיך אַראָבּצושפרינגען אין דער פינסטער.
אַ מאָדערנער נביא!

* * *

היינט־פריה האָבּ איך דערזעהן פון װייטען אייער שטעדטעל,
איך בּין אַריינגעקומען אין דאָס ערשטע געסיל, —
צװיי רייהען נידעריגע הייזלעך האָבּען זיך געצויגען,
צעפוילטע דעכלעך, קרומע װענד, און אויסגעהאַקטע פענסטער,
און צווישען זיי אַ בּ ל אָ ט ע...
צװיי קליינע קינדער זענען שטום געשטאַנען,
פון בּיידע זייטען געסיל —

און ִקינְדֶערְ'ש הָאבֶּען זַיי זִיךְ בֵּיידֶע אָנְגֶעקוּקְט,
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִי ְקלֵיינֶע וַוייסֶע הֶענְדְלֶעךְ –
און צְווִישֶׁען זַיי דִי בְּלָאטֶע – – –
אִיךְ הָאבּ זַיי בֵּיידֶען אִין מַיין שׁוֹים גֶענוּמֶען,
גֶעזֶעצְט זַיי אֵיינְס עֶנְטְקֶעגֶען אַנְדֶערְ'ן –
פִּיעֶר לִיפְּלֶעךְ הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶגעצוֹיגֶען –
– מִיר זֶענֶען הוּנְגֶערִיג... –
פִּיר לִיפְּלֶעךְ הָאבֶּען זִיךְ גֶעקוּשְׁט אָהן אוֹיפְהֶער,
און גֶעשְׁטִילְט דֶעם הוּנְגֶער...
אִיךְ הָאבּ דִי קִינְדֶער שְׁטַארְק צוּגֶעדְרִיקְט צוּ זִיךְ,
אֵיינְגֶעקוּקְט זִיךְ אִין דִי בְּלֵייכֶע יוּנְגֶע פְּנִים'לֶעךְ,
און אַרָאבְּגֶעלָאזְט זַיי בֵּיידֶען אוֹיף אֵיין אָרְט...
זַיי זֶענֶען נָאךְ מִיר נָאכְגֶעלָאפֶען און גֶעפְרֶעגְט:
– וֶוער זֶענְט אִיהר?
– אַ נָבִיא... –
– אַ מָאדְנֶער נָבִיא... אִין אַ צוּרִיסֶענֶער ַקאפָּאטֶע,
מִיט אַיינְגֶערִיסְטֶע הֶענְד און פְּנִים...
אַ מָאדְנֶער נָבִיא!... – הָאבֶּען שְׁטִיל דִי קִינְדֶערְלֶעךְ צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט.

* * *

אִיךְ בִּין אַ נָבִיא!
אִיךְ בְּרֶענְג אַייךְ נִיט דִי נַאכְט;
און זָאג נִיט אַז עֶס טָאגְט...
אִיךְ וֶועל צוּ אַייךְ נִיט לַאכֶען, וַוייל אִיךְ ווייס נִיט ווִי מֶען לַאכְט...
אִיךְ וֶועל צוּ אַייךְ נִיט וֵויינֶען – ווייל אִיךְ בֶּעט נִיט ַקיין רַחֲמָנוּת...
און כְ'וֶועל נִיט שְׁטְרָאפֶען – אִיהר זַייט דָאךְ פְרוּם וִוי אִיךְ!
אִיךְ קוּם נִיט פוּן דֶער הוֹיךְ, און שְׁטֶעה נִיט אִין דֶער הוֹיךְ,
אִיךְ בִּין דָאךְ נִיט דֶער נָבִיא, וָואס שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיף אַ הוֹיכֶען בַּארְג
און פַארְטְרַייבְּט דֶעם קָהָל זַיינֶעם אִין דֶעם טְהָאל,
און פְּרָאפֶּעצַייעט זַיי פוּן בַּארְג אִין טְהָאל...
אִיךְ שְׁטֶעה צְ'ווִישֶׁען אַייךְ!
קוּקְט – אִיז דֶען נִיט מַיין פָּנִים וִוי אַייעֶר פָּנִים בְּלֵייךְ?
קוּקְט – אִיז דֶען מַיין הַאנְד ווִי אַייעֶרע נִיט דַאר?
פִּיהל אִיךְ נִיט מִיט אַייךְ דֶעם אֵיינֶעם־זֶעלְבֶּען צַער?

זוך איך ניט וואס איהר אויף דער ברייטער וועלט!
האב איך שוין ביי מיר דאס וואס אייך נאך פעהלט?
קומט, קומט צו מיר איהר שווארצע שטילע טויבען
דער גן־עדן אייערער בליהט ניט ווייט פון דאנען,
קומט, קומט צו מיר איהר שווארצע שטילע טויבען,
איך וויל מיך שעכטען —
שטעלט אונטער אייערע געפרוירנע פליגלען —
מיין ווארם בלוט וועט זיי דערווארימען,
זיי וועלען זיך צושפרייטען ווי ביי אדלער,
און ברענגען אייך אין אפענעם גן־עדן —
וואס בליהט ניט ווייט פון דאנען...
קומט, קומט צו מיר, איהר שווארצע שטילע טויבען —
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
— א מאדנער נביא!...

יצחק קאצענעלזאן

* * *

פון דער רויטקייט דורכגעדרונגען,
פון איהר פייער דורכגעברענט, —
נעם איך מוטהיג אייך בעזינגען—
אונזער לעבען, דעם מאמענט.
רויטער הימעל, רויט די גאסען —
פול מיט פעהנער, פול מיט בלוט;
און די רויט־געקליידטע מאסען
קעמפפען דרייסט מיט העלדענמוטה.

נור איך איינער, אר׳מער דיכטער,
שטעה פערצווייפעלט אויף דעם מארק,
פון די קעלערס גלענצען ליכטער
און בעלייכטען מיך ניט שטארק.

* * *

זָאל אִיךְ קֶעמְפְּפֶען פַאר דִי פְרַייהַייט ?
לָאזֶען אִיהם, מַיין פָאלְק, אָהן שׁוּטְץ,
אָדֶער אִיהם בֶּעוַוייזֶען טְרַייהַייט
אוּן פֶערְהִיטֶען אִיהם זַיין גוּטְס ?

אוּן אִיךְ פִיהל מִיךְ שְׁוַואךְ אַ ווַיילֶע
דָאךְ אִיךְ נֶעם מַיין מוּטְה צוּנַאנְד, —
קֶעמְפְּפֶען וֶועל אִיךְ גְלַייךְ מִיט אַלֶע
מִיט דֶעם וַואפֶען אִין דֶער הַאנְד.
נוּר וֶוען אַלֶע פְרַייהַייטְס־הֶעלְדֶען
וֶועלֶען זִיךְ שׁוֹין פִיהלֶען פְרַיי —
דַאמָאלְס וֶועל אִיךְ עֶרְשְׁט מִיךְ מֶעלְדֶען
צוּ דֶעם פְרַייהַייטְס־קַאמְפְּף אוֹיפְ׳ס־נַיי.

דַאמַאלְס וֶועל אִיךְ עֶרְשְׁט אוֹיפְוֶועקֶען
אוּנְזֶער פָאלְק מִיט אַלֶע גְלַייךְ
אוּם עֶס זָאל זַיין גְלִיק עֶנְטְדֶעקֶען
אִין אַיין אֵייגֶען פְרַייעֶם רַייךְ. —
אוּן וֶוען כְ׳וֶועל אֲפִילוּ פַאלֶען
פַאר דִי מֶענְשְׁהֵייט אוּנְגֶעטְרֵייסְט —
עֶבִּיג וֶועט מַיין לִיעד אַייךְ שַׁאַלֶען —
אוּן צוּם קַאמְפְּף אַייךְ גֶעבֶּען גַייסְט ;

עֶבִּיג וֶועט עֶס אַייךְ בֶּעלֶעבֶּען
אַייךְ צוּ יוּגֶענְד פוּן מַיין פָאלְק,
אִיהר זָאלְט קֶעמְפְּפֶען, אִיהר זָאלְט שְׁטְרֶעבֶּען
אוּן זַיין זִיכֶער אִין עֶרְפָאלְג.
נוּר נִיט וַוייזְט אַייךְ שְׁוַואךְ אִין רַייהֶע,
וֶוען מֶען רוּפְט אַייךְ צוּם גֶעוֶועהר
אוּן פַארְגֶעסְט נִיט אוֹיךְ, אַלְס פְרַייֶע,
אַייֶער פֶערְלַאנְגֶען, אַייֶער בֶּעגֶעהר. —

לָאדז, 1 מיי 1905. הֶערְשׁ דָנִיאֵלֶעוִויטְשׁ.

# ווענען רוסישען „פריהלינג“. —

„תמות נפשי עם פלשתים.“

דאָס רוסישע דעַנקענדע פאָלק איז אין די לעצטע עטליכע חדשים אויסגע־וואַקסען ווי אין אַנדערע עטליכע צעהנדלינג יאָהר; אין אַלע עקען פון לאַנד האָט אויסגעבראָכען אַ הייסער קאַמפף געגען דער אַלמעכטיגער „ביוראָקראַטיע“; איצט איז שוין קיין ספק ווער עס וועט זיעגען. ניט וועניג קרבנות וועלען נאָך פאַלען, דאָך אָבער איז די צייט גאָר ניט ווייט ווען דאָס אַלטע, דאָס אָבגעלעבטע וועט מוזען מאַכען פלאַטץ דעם נייען, דעם לעבעדיגעם. —

ווי אין יעדער „פאָרטשריטליכער“ בעוועגונג געפינען זיך אויך איצט די יודען אין די ע ר ש ט ע ר י י ה ע ן. דער שטראָם האָט פיעלע פון אונז נור מיט זיך מיט־געשלעפט. נור האָט אונז אין גאַנצען אָפגעריסען פון אייגענעם ברעג אויף קיינמאָל צוריקצוקומען. אונזערע וואָרטפיהרער האָבען זעהר גיך פערגעסען די ביז יעצט אָנגע־נעמענע אמת׳ן און האָבען אין רעש און אין געטומעל ווי זיך אַליין פערלוירען. אונזער פרעסע — פונ׳ם גלות׳דיגען „פריינד“ ביז דער ציוניסטישער „חראָניקאַ“ (Х. Е. Ж.) — האַלטען אין איין רעש־ן, אַז מיר מוזען זיך פעראייניגען מיט די „קעמפפענדע“ פאַרטייען כדי אַליין געהאָלפען צו ווערן. (נור „הזמן“ דערמאָנט צייטענ־ווייז, אַז מיר מוזען אונז אַליין העלפען).

אין יעדען נייען אונגליק געפינען זיי נור אַ בעשטעטיגונג צו זייערע נייע טהעָ־ריען. אָט טרעפט זיך ווידער אַזאַ בלוטיגער פאָגראָם, ווי „כמעט“ קישינעוו — אין ז ש י ט אָ מ י ר און אין יענער צייט ווען דיעזעס נייע פרישע בלוט האָט ז י ך נ אָ ך ג ע ג אָ ס ע ן, איז שוין דער „פריינד“ אין אַ לייטאַרטיקעל (Nr. 88) געקומען צו דער תורה, אַז:

„יודען בלייבט נור איין וועג, איינגער פערבינדען זיך מיט די פאָרשריטליכע פארטייען אין לאנד, ווייל נור צוזאמען מיט זיי איז מעגליך מיט ערפאָלג צו ראנגלען זיך מיט די פינ־סטערע, אנטיסעמיטישע פאליטיקער און זייערע אגיטאציעס געגען יודען.“

עפּיס ווי חוזק קלינגען אָט די ווערטער. עס קומט אויס, אַז די רוסישע „פאָרט־שריטליכע פאַרטייען“ שלאָגען זיך אַרום מיט די „אַנטיסעמיטישע פאָליטיקער“ און פאַר אונז בלייבט נור זיך מיט זיי „ענגער“ צו פערבינדען. —

איך ווייס ניט צו מ אַ כ ע ן ז י ך אונזערע „פריינד“ בלינד, אָדער זענען זיי עס באמת.

לאָמיר נור נעהענטער בעטראַכטען אָט די „נייע“ תּורות און פּריפֿען זייער ווערטה.

נאָך אין די 80־ער יאָהרען ווען די ערשטע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָבען אָנגעהויבען, האָט דער סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנער אַקציאָנס־קאָמיטעט אין רוסלאַנד אַרויסגעלאָזט אַ פ ר א ק ל א מ א צ י ע אין וועלכער מען האָט „אויפֿגעקלערט“ די גוי־ם, אַז די „זשידי“ זענען שולדיג אין זייער עלענד און די רוסישע פּינסטערע בויער־ן זענען אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרען די „יודישע בלוטזויגער“ צו פֿערניכטען. אַלזאָ דאָס וואָס די „שוואַרצע באַנדע“ טהוט א י צ ט, האָט ד ע נ ס ט מ אָ ל די „רויטע פּאַרטיי“ געטהון. די „שוואַרצע באַנדע“ וויל איצט דורך יודישע פּאָגראָמען אויפֿהאַלטען די רעאַקציע און די „רויטע פּאַרטיי“ האָט געפּריפֿט דורך פּאָגראָמען צו ב ע פֿ ר י י ע ן רוסלאַנד פֿון דער ביוראָקראַטיע. די ס י ב ו ת זענען אַלזאָ געוועזען גרונד־פֿערשיעדען, די ט א ק ט י ק אָבער ד י ז ע ל ב ע: אויפֿהעטצען די בלינדע מאַסען געגען אונז יודען. פֿיעלע פֿון אונזערע „פֿרייע“ (?) יודען ווילען פֿערגעסען יענע בלוטיגע פּראָקלאַמאַציע. איך קען זי אָבער ניט פֿערגעסען. איך קען פֿערגעסען קרושעוואַנ־ס העטצע, נור ניט די „רויטע“ פּראָקלאַמאַציע. און פֿערגעסען איז עס אונמעגליך ניט נור דערפֿאַר וויל זי איז געוועזען בלוטיג אויפֿגעשריעבען, נור אויך וויל די ר ו י ט ע פּאַרטיי האָט ב י ז א י צ ט איהר חוב נ י ט ערפֿילט. וואָס זי איז אונז, יודען, ש ו ל ד י ג. —

די היינטיגע רעוואָלוציאָנערען אין רוסלאַנד זעהען ניט מעהר אין די יודישע פּאָגראָמען אַ מיטעל צו דער פֿרייהייט. די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציעס האָבען נאָך „קישינעוו“ עס אָפֿען אַרויסגעזאָגט פֿ אַ ר וו אָ ס זיי זענען געגען פּאָגראָ־מען: וויל — ערקלערען זיי — דער פּאָגראָם פֿ ע ר וו י ל ד ע ט די ניט־יודען און — ד ע ר ע י ק ר — וויל די יונגע יודען ברענגען זיי נ ו ט צ ע ן! „מען דאַרף אונז נאָך“ אַלזאָ — אָט דאָס איז די עטהיק, וואָס האַלט אָפּ פֿון א ו י פֿ צ ו ר י י צ ע ן דאָס פֿאָלק געגען אונז.

נור פֿון ניט אויפֿרייצען, ביז אונז פֿערטיידיגען איז נאָך ווייט. נעמט לעזט „Вѣстникъ Бунда“ נומער 3 דעם אַרטיקעל: „סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערן און די יודישע פּאָגראָמען“. דאָרט ווערט דערציילט ווי אַזוי די ציימונג „Революціонная Россія“. פֿערהאַלט זיך צו די יודישע פּאָגראָמען. מען לעזט און מען גלייבט ניט די אייגענע אויגען!

די ציימונג פֿרעגט: ווי אַזוי קענען די נ י ט־י ו ד ע ן געהן האַנד אין האַנד מיט דער י ו ד י ש ע ר „סאַמאָאָבאָראָנאַ“ בעת דער־הרגנ־ן וועט אויסקומען „אונזערע ברודער“ די „פֿערפֿינסטערטע און דערשלאָגענע“. די ח ו ל י ג א נ ע ס וואָס שניידען יודישע הענד, וואָס פֿערגוואַלדיגען יודישע פֿרויען, וואָס צעררייסען קינדער און שניידען אויף דעם בויך פֿון שוואַנגערע פֿרויען, די חוליגאַנעס וואָס זענען אָפּ איברים פֿון נאָך ל ע ב ע ד י ג ע מענשען זענען דאָך „בלוט און פֿלייש“ פֿון די סאָציאַליסטען־רעוואָלו־ציאָנערען, אייגענע „ברידער“ און ווי אַזוי קען מען עס ג ע ג ע ן זיי אויפֿטרעטען און הערט ווייטער: אין דער יודישער „סאַמאָאָבאָראָנאַ“ בעטהייליגט זיך דאָך אויך ד יודישע בורזשואַזיע אין אָט מיט דער לעצטער זאָלען זיי — די סאָציאַליסטען — געהן האַנד אין האַנד?

און זיי גֶעהן טאַקֶע ניט! וואו זֶענֶען גֶעוועֶזֶען אין קישינֶעוו די סאָציאַל־דעֶמאָקראַטֶען, ווען מֶען האָט די שעֶנדליכסטֶע מאָרדעֶן בעֶגאַנגעֶן? אין זשיטאָמיר איז איין קריסט פֿאַר די יודעֶן געֶפֿאַלעֶן. דיעֶזעֶר קריסט איז ביי אונז הייליג. ווי די יודישֶע יונגֶע לֶעבֶּענס דארט. וואָס זֶענֶען אַזוֹי פלוצלונג אָפּגֶעהאַקט גֶעוואָרֶען. זשיטאָמיר איז אָבעֶר אַ גרויסֶע שטאָדט, דער פּאָגראָם האָט עֶטליכֶע טאָג געֶדויעֶרט— וואו איז גֶעוועֶן די דאָרטיגֶע קריסטליכֶע סאָציאַליסטישֶע פּאַרטיי?

זי האָט אַלס פּאַרטיי אַזוֹי ווֶעניג נֶעטהון ווי די איבריגֶע ליבֶּעראַלֶען און ראַדיקאַלֶען, וואָס גֶעפֿינֶען זיך דאָרט.

זֶעהט איהר, אַז די עֶרשטֶע ווֶעלֶען נייטיג האָבֶען מענשֶען כדי די רויטֶע פֿאָהן צו טראָגֶען — ווֶעלֶען זיי זיך צו אונז ווֶענדֶען, פונקט ווי אַנדעֶרֶע, ווען זיי דאַרפֶֿען שיקֶען אַ „זאַפּיסקא“ ,אָדעֶר אָנֶעמֶען אַ ראַדיקאַלֶע „רֶעזאָלוציע“. נֶעהן אָבעֶר שיצֶען אונז — מיט אונזעֶרֶע העֶלדעֶן צוזאַמֶען — נֶעגֶען די חוליגאנעֶם — אָט דעֶרצו זֶענֶען זיי ניט מסוגל! אין מעֶליטפּאָל האָבֶען אפילו ניט ווֶעניג קריסטֶען זיך אין דעֶר סאמאאבאראנֶע" בעֶטייליגט — איז אָבעֶר דאָרט דעֶר פּאָגראָם ניט גֶעוועֶן אַ אויסשליסליך יודישעֶר!

בעֶטראַכט נאָהעֶנט די ליבעֶראַל־ראַדיקאַלֶע רוסישֶע פּרעֶסע און זעֶהט ווי זי בעֶהאַנדעֶלט די יודעֶנפֿראַגֶע שוין איצט, ווען זי דאַרף אונז נאָך! נור די נאָוואָסטי פֿעֶרטיידינט איצט מוטהיג די יודישֶע אינטעֶרעֶסעֶן, איז אָבעֶר נאָוואָסטי אַ — — — יודישֶע צייטונג! אַלס אַזעֶלכֶע ווֶערט זי אויך אין נאַנץ רוסלאַנד בעֶטראַכטעֶט (און מיט רעֶכט). גראָד ווי יעֶנֶע ליבעֶראַלֶע צייטונגעֶן אין אויסלאַנד (בעֶרלינעֶר טאגבלאַט, נייעֶ פֿרייעֶ פרעֶסעֶ א. ז. וו.) וואָס ליגֶען צום גרויסֶען טייל אין יודישֶע העֶנד — דעֶרמאָנֶען פֿון צייט צו צייט די יודעֶן צום גוטעֶן. נעֶמט אָבעֶר די עֶכט־רוסישֶע ליבעֶראַל ראַדיקאַלֶע צייטונגעֶן! די „רוסס. וועֶדאָמאָסטי“ דעֶרמאָנט מיט קיין וואָרט די יודעֶן (דאָס האָט שוין אפילו בן־חיים פֿון „פֿריינד“ קוים בעמערקט). – דעֶר „רוס“ — וויפּיעֶל פּלאַטץ האָט עֶר שוין גֶעגעֶבעֶן דעֶר פּוילישעֶן פֿראַגֶע! די יודעֶן אָבעֶר ווֶערֶען אַמאָל אויך קוים דעֶרמאָנט. און אַזוֹי די איבריגֶע צייטונגעֶן ביז די ראַדיקאַלסטֶע. —

פֿאַר דעֶם בעֶסעֶרן טייל פֿון די רוסישֶע „פֿאָרטשריטליכֶע פּאַרטייעֶן“ זֶענֶען מיר העֶכסטעֶנס, אויך־רוסעֶן, וואָס זֶענֶען מחויב צו ברענגעֶן קרבנות פֿאַר דעֶר „רוסישעֶר פֿרייהייט“, וועֶלכֶע וועֶט שוין במילא אויך אונז בעֶפֿרייעֶן.

נעֶמט לעֶזט „הזמן“ Nr. 94 וואו ר. ברייני ן דעֶרצעֶהלט, וואָס איינעֶר פֿון די וויכטיגסטֶע איצטיגֶע רוסישֶע ווארט־פֿיהרעֶר האָט איהם נֶעזאָגט. (אויב איך האָב קיין טעות, איז עס נאָוואָיקאוו). אָט דעֶר ראַדיקאַלעֶר ווארט־פֿיהרעֶר בעֶקלאָגט זיך וואָס אפילו דעֶר „בונד“ וויל זיך ניט אסימילירעֶן. אויסמישעֶן זיך מיט די אַרומיגֶע גויים אָט דאָס פֿעֶרלאַנגט עֶר פֿון אונז. דעֶר גֶעדאַנק איז נֶעניאַל: אַז מיר ווֶעלֶען אויפֿהעֶרֶען צו עֶקסיסטירעֶן ווֶעלֶען מיר אויפֿהעֶרֶען צו ליידעֶן!

אָט דעֶרזעֶלבעֶר האָט פֿאַר אַ פּאָאַר יאָהר אָנגעֶשריבעֶן אַ בראָשיורֶע (דעֶרציילט עֶר בריינינעֶן), וועֶלכֶע האָט ניט געֶקעֶנט גֶעדרוקט ווֶערן אפילו אין די ליבעֶראַלסטֶע זשורנאַלֶען, ווייל — — ווייל די בראָשיורֶע איז גֶעוועֶן צו יודעֶן־פֿריינדליך! אַז

איהר פֿערגעסט ניט די נעמען מיכאילאָווסקי, קאראלענקא א. ז. ו. וועלכע שטעהן אין דער שפיצע פֿון די רוסישע ליבעראַלע פראגרעסיווע זשורנאלען וועט איהר פֿער־שטעהן דעם געבראכטען פֿאַקט. —

מען איז געוואהנט צו זאָגען אַז חוליגאנעס מאַכען דען פּאָגראָם.

עס איז אָבער ניט תמיד אַזוי. ניט וועניג אַרבייטער בעטייליגען זיך אָפּט אין פּאָגראָם געגען יודען.

אָט למשל ברענגען די צייטונגען אַ דעפּעשע אויס מאַרצעוואָ (סמאָלענ. גוב.) אַז אם 25 אַפּריל האָבען פֿאַבריק־אַרבייטער „געמאַכט“ אַ יודישען פּאָגראָם. —

מיר קענען די תשובה: מן־הסתם זענען דאָס ניט געוועזען אָרגאַניזירטע, נור גלאַט אַזוי אַרבייטער! אונזערע „פֿרייע קנעכט“ וועלען שוין תירוצים אויסגעפֿינען.

מיר מוזען אַלזאָ וואַרטען ביז די חוליגאנעס וועלען געבילדעט ווער! כדי די „שוואַרצע באַנדע“ זאָל איבער זיי קיין שליטה האָבען. מיר מוזען וואַרטען ביז די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער וועלען זיך אָרגאַניזירען און דערוויל זאָלען מיר ברענגען בלויס קרבנות דאָ און דאָרט און איבעראַל! —

און דערנאָך? —

דערנאָך וועט ווערען אַ גן־עדן אין רוסלאַנד! מען וועט אונז לאָזען וואהנען אין די „היילינגע“ רוסישע שטעדט; מען וועט אונז לאָזען שיקען פֿערטרעטער אין פּארלאמענט און נאָך און נאָך אַזעלכע גליקען

און אפשר ניט? אפשר וועלען נאָך פּאריבער פֿיעלע, פֿיעלע צעהנדליגער יאָהרען ביז דאָס חוליגאנענטום וועט זיך אויסלאָזען, ביז דאָס לאנד וועט באמת פֿריי רעגיערט ווערן? אין אפשר גאָר וועלען די שפּעטערדיגע ראדיקאלען אונז ניט מעהר דאַרפֿען אין ניט קענען פֿערשטעהן אונזער „חוצפּה“, וואָס מיר ווילען אַ אייגענע אציע בלייבען? פֿערשטעהען אונז בעכעל, קויטסקוי פֿיעל? פֿערלאַנגט ניט דער לעצטער דורכאויס, אַז מיר זאָלען זיך אסימילירען?

אָט דער אייגענער קויטסקי שרייבט אין זיין ביכעלע אירלאנד *).

„די פֿאַנאַטישע פּוריטאנער, זייענדיג אין פּארלאמענט אין דער מעהרצאָהל, זענען טאַקע געווען אמת־ע רעספּובליקאנער נוד אָבער זענען זיי געווען נאָך בעסערע פּראָטעסטאַנטען און זיי האָבען דערפֿאַר מיט לייכטינקייט בעשלאָסען צו פֿערניכטען אַ פֿאָלק, וויל עס האָט געהאַט אַ אַנדערע רעליגיע“ (זייטע 14). עס האַנדעלט זיך דאָרט וועגען ענגלישען פּארלאמענט אין זיין שייכות צו די קאטוילישע אירלענדער.

פּאַרוואָס זאָלען פּלעחאַנאָוו און נאָוויקאָוו ניט זיין קיין גוטע פּראָטעסטאַנטען? אויב ניט אין רעליגיעזען זינן, אַזוי דאָך אין רוסיש־נאַציאָנאַלען! האָט פּלעחאַנאָוו, דער הויפּט־פֿיהרער פֿון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען שוין איצט ניט געפֿרעגט דעם „בונד“ אַ „פּאַספּארט מייעש“? בעת דער „בונד“ האָט אָנגעהויבען בלויס רעדען פֿון אַ יודישער אווטאנאמיע אין רוסלאַנד.

און וועלען באמת די פּלעחאנאוו־ס רעגיע־ען אין רוסישען פּאַרלאַמענט? וועלען ניט די קרושעוואנס אין די רוסישע שטעקער־ס, אהלווארד'ס, ליזענער־ס א. ד. ג. ניט בילדען די מעהרהייט דאָרט? —

---

*) „Ирландія“ Карлъ Каутскіи. Изд, „Донская рѣчи“ Ростовъ н/д.

אזוי צו אזוי — אונזער הילף ליגט ניט אין דעם רוסישען פריהלינג, אפילו ניט אין רוסישען זומער. וואס וועט פריהער אדער שפעטער קומען. —

און אויב מיר זענען געווען פריהער, נאך פאר דעם רוסישען „פריהלינג", איבערצייגט אז „אונזער הילף ליגט אין אונז אליין" אזוי מוזען מיר דאס איצט אויך ניט פארגעסען. דאס איז א אמת, וואס גרינדעט זיך אויף א אלטער בלוטיגער געשיכטע.

„אונזער הילף ליגט אין אונז אליין". מיר זענען ניט אזוי שוואך ווי אונזערע פאלשע „פריינד" ווילען אונז איינרעדען. אין זשיטאמיר זענען געפאלען אונזערע יונגע קרעפטען, אבער דורך דעם זענען מיר ניט שוואכער, נור פארקעהרט: מיר זענען פיעל שטארקער געווארען! מיר האבען זיך געשעמט מיט קישינעוו, וואו געוואונדטע שטארקע יודען האבען זיך אדער געלאזט זענען די הענד, אדער זיך בעהאלטען אין די קעלער־ס. האמעל און סמיעלא האבען דעם יודישען כבוד געראטעוועט. —

און זשיטאמיר האט מיט זיינע קרבנות בעוויזען, אז מיר וועל'ן וואס אמאל שטארקער און שטארקער. —

צו פאלען וועניג יודישע כוחות אויף די מאנדזשורישע פעלדער? צו פוילען וועניג יודען אין די סיבירישע מדבריות? דורך די ערשטע ווי די אנדערע ווערט דאס יודישע פאלק גאר ניט שטארקער! דורך דיעזע קרבנות, ווערן מיר נור וועניגער אין צאהל. דורך די היילינגע טויטע אין האמעל און זשיטאמיר ווערען מיר אלע געהיילינט; עס צינד זיך אין אונז אן א פייערעל, וואס פלאקערט אויף אין א גרויסעם, העלעס, ליכטיגעם פייער, וועלכעס שטארקט אונז אינוועניג און וועט מוזען אפשרעקען די אויסערע פיינד! אונזער בעוויזען, אז מיר יודען ברענגען פיעל קרבנות פאר דער מלחמה האט קיין שום ווירקונג ניט אויף די חוליגאנעס, ניט אויף די „שווארצע באנדען"; אונזערע קרבנות אבער אין זשיטאמיר בעווייזען זיי, אז מיר זענען ניט מעהר געזאנגען זיך צו לאזען טרעטען מיט די פיס, אז מיר זענען בערייט אראפצונעמען א „קאפ פאר א קאפ" און וואס מעהר מיר וועלען אזעלכע בעווייזע ברענגען אלס וועניגער פאגראמען וועלען זיין.

פארגעסט ניט, אז די 5–6 מילאנען יודען אין רוסלאנד האבען אין זיך נאך גוואלדיגע יונגע כוחות, וואס שלאפען נאך; פאר דעם ערוואכען פון אט די כוחות וועלען זיך די „שווארצע באנדען" דערשרעקען. אויף זייערע ווילדע העטצען וועלען מיר דאנן מיט ווילדע מעשים ענטפערן און אט ערשט דענסטמאל וועט מען אונז לאזען לעבען ווי אזוי מיר ווילען און ניט לויט קויסטקי־ס, פלעהאנאוו־ס אדער נאוויקאוו־ס רעצעפט.

און דערפאר זאג איך, אז די תורה וואס דער „פריינד" האט נעגרינדעט אויף דעם פאגראם אין זשיטאמיר איז א פאלשע תורה. גראד זשיטאמיר מיט דעם קאלטען פערהאלטען פון די אלע ליבעראלע, ראדיקאלע און סאציאליסטישע פארטייען צו אונזערע נייע ליידען בעווייזט אם בעסטען, אז ניט אין דעם נאכשלעפען זיך נאך אנדערע פארטייען ליגט אונזער הילף.

„אונזער הילף ליגט אין אונז אליין". און וואס מעהר דאס ווערט אונז קלאר אלס שטארקער ווערען מיר — און וואס שטארקער מיר ווערען אלס נעהנטער וועלען קומען צו אונז יענע פארטשריטליכע פארטייען.

און אַט ביי די פֿרישע קברים פֿון די זשיטאָמירער העלדען לאָמיר שווערען אויך ווייטער צו געהן אין זייערע טריט און אויף **יעדער** בעלײדיגונג ענטפֿערן מיט אַ שטאַרקער ניט־דערשראָקענער האַנד.

און וועלען מיר אויך אַלס קרבנות פֿאַלען — וועלען עס אָבער זיין **נאַציאָנאַלע** קרבנות. און דורך אונזערע נייע קרבנות וואָס וועלען ערשט קומען — וועט די יודישע נאַציע ערשט רעכט וואַקסען און אמת שטאַרק ווערן.

וואַרשאַ 4/17 מאי 1905 — דר. י. וואַרטסמאַנן.

# אונזער אויפֿגאַבע.

אויב מיר מוזען איצט אויפֿס ניי פֿאָרמולירען אונזער ציוניסטישען שטאַנדפּונקט, אויב מיר זענען איצט געצוואונגען ווידער צו דערמאָנען די פֿעסטע יסודות, אויף וועל־כע דער ציוניזם איז בעגרינדעט — איז דאָס אַליין שוין דער בעסטער בעוויז, וואָס פֿאַר אַ גרויסע פֿערמישונג און צוריסענהייט עס הערשען איצט ביי אונז. דער אמת אָבער ליידעט ניט דערפֿון וואָס מען מוז איהם נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל איבערחזרען; ער בלייבט שטענדיג דער אייגענער און וועט זיך קיינמאָל ניט סותר זיין. מורא צו האָבען דערפֿאַר ברויך נור דער שקר, ווייל וואָס עפֿטער איהר וועט איהם איבערחזרען, אַלץ מעהר וועט זיך אַרויסווייזען וואָס ער איז, אַלץ מעהר וועט ער פֿערפּלאָנטעט ווערען אין זיינע אייגענע סתירות. וויפֿיעל מאָל מיר זאָלען ניט רעדען וועגען אונזער ציוניזם, וועט אין אונזערע רייד שטענדיג קלינגען דער זעלבער טאָן, און איבער דעם האַלט אונז קיין זאַך ניט אָב נאַכאמאל פֿעסט צושטעלען, אַז מיט דעם וואָרט ציוניזם פֿער־שטעהען מיר דאָס **שטרעבען צו אַ נאַציאָנאַלע ווידערויפֿלעבונג פֿון אונזער פֿאָלק אין זיין היימאטס לאַנד פּאלעסטינא.** אַנדערע האָבען פֿון דעם וואָרט ציוניזם געמאַכט אַ שפּיעל — און ניט קיין אָרענטליכעס — און ווילען דערמיט בעצייכענען אַלעס מעגליכע און ניט מעגליכע, וואָס קומט זיי אויף'ן זין. אונזער ציעל איז אַ גלייכער, זייערס — קרום; אונזער איז קלאָר, זייערס — פֿערוויערט, און אויף אונז ליעגט איצט די אויפֿגאַבע אָט די קרומהייט און פֿערוויערטהייט צו בעקעמפֿען און אנצווייזען אונזערע חברים דעם ריכטיגען וועג.

אונזער אויפֿגאַבע איצט איז אַ דאָפּעלטע. צו'ם ערשטען מוזען מיר די איצטיגע צוריסענהייט באַלד צוריק גאַנץ מאַכען, און צווייטענס מוזען מיר זאָרגען אויף שפּע־טער, ניט צוצולאָזען מעהר קיין שום מעגליכקייט אַ־אָבצוטרעטען פֿון אונזער, פּראָגראַם.

די יעצטיגע לאַגע קען אויסגעבעסערט ווערען, ווען אונזערע ציוניסטען וועלען קלאָר פֿערשטעהן, וואָס פֿאַר אַ גרויסע געפֿאַהר עס ליעגט אין דער טעריטאָריאַליסטי־שער שפּאַלטונג. אונזער ציוניזם ברויך מעהר ניט צו זיין אַ מיטעל, מיט וועלכען דע־

מאנאנגען זאָלען זיך קאָנען בענוצען פֿאַר זייערע צוועקען. מיר שטרעבען ניט נור צו פֿערבעסערען די מאטעריעלע נויט, נור אויך — און דאָס שטעהט ביי אונז אויפֿ'ן ערשטען פּלאַן — דעם ג י י ס ט י ג ע ן עלענד אונזערען. די עקאָנאָמישע פֿראַגע, וואָס איז יעצט אַרויסגערוקט געוואָרען אויף'ן ערשטען פּלאַטץ, קען נור געלעזט ווערען אין צ ו ז א מ ע נ ה א נ ג מיט דער פּ אָ ל י ט י ש ע ר, ס אָ צ י אַ ל ע ר און ר ע ל י ג י ע ז ע ר*) פֿראַגע. אויב מיר ווילען דעם גאַנצען יודישען פּראָבלעם געבען אַ נאַציאָנאַלע און גאַנצע לעזונג, פֿערשיעדענע חברות קענען זיך אָבגעבען מיט פֿערשיעדענע איינצעלנע פֿראַגען, און קענען אויך האָפֿען אויף אונזער סימפּאַטיע צו זייער אַרבייט. איך האָב דערפֿאַר שטענדיג ענערגיש פּראָטעסטירט, ווען מען איז אָנגעפֿאַלען מיט אונרעכט אויף יודישע פֿילאַנטראָפּישע חברות, וויל איך האָב שטענדיג אנערקענט די נוטץ, וואָס זיי קענען ברענגען. און דאָך האָב איך שטענדיג אויסגעשפּראָכען — און דאָס ברויכען מיר קיינמאָל פֿערגעסען צו בעטאנען — אַז זייער פֿילאנטראפּישע אַרבייט פֿאַר אָרימע האָט קיין שום שייכות מיט אונזער ציוניזם, אַז מיר האָבען אַ פֿיעל גרעסערעס און ברייטערעס פּראָגראַם אַלס אויסהעלפֿען אַ געוויסע צאָהל אָרימע יודען פֿון זייער מאַטעריעלער נויט. די נדבות פֿון די אַלע חברות קענען אויף קיין איין גראַד ניט שטאַרקען דאָס זעלבסטגעפֿיהל אין די זעלבסטעמאנציפּאציע פֿון אונזער פֿאָלק, פֿערקעהרט: זיי העלפֿען נור אויף דערוויל אַ קליינעם טייל פֿון די אַלע געדריקטע. און די גרויסע מאַסע בלייבט וויט דערפֿון. און אויב אין דער לעצטער צייט געפֿינען זיך אויך אין אונזער לאַגער מענשען מיט אַזעלכע שטרעבונגען, אויב זיי רעדען איין דעם פֿאָלק, אַז דער טעריטאריאליזם וועט קענען ברענגען אַ ראַדיקאַלע הילף דער מאַסע אין רעטען זי פֿון איהר נויט — נאַרען די מענשען זיך אליין און פֿערפֿיהרען דערמיט דאָס פֿאָלק, וואָס פֿיהלט זיך פֿערצווייפֿעלט אין זיין עקאָנאָמישען דרוק און וואָס גלויבט לייכט אין אַלעם וואָס עס הערט. און וואָלטען די טעריטאָריאַליסטען אַליין זיך די לאַנגע פֿאָרגעשטעלט קלאר אָביעקטיוו און די פּרטים געגוי פֿאָראויס געזעהן, וואָלטען זיי זיך אַליין ד'ערשראָקען פֿאַר דעם מוראדיגען אין דאָך אונפֿערמיידליכען יאוש, וואָס די אַלע לייכטגלויביגע וועלען דורכלעבען, ווען די ווירקליכקייט וועט זיך אַרויסווייזען, ווען די קאטאסטראפֿע וועט קומען. קיין איינציג ערנסט וואָרט, קיין ריכטיגע פֿאָרשטעלונג האָבען זיי דעם פֿאָלק געגעבען וועגען דעם גאַנצען פּראיעקט. אַ קאלאניזאַציע אין הייסען ווילדען מזרח־אַפֿריקאַ הייסט ניט נור זיין אין גאַנצען אָבגעשניטען פֿון דער אייראָפּעאישע ציוויליזאציע און פֿון דעם רעשט יודען, עס הייסט אָבער אויך אויפֿגעבען און צו פֿערלאָזען אונזער האָפֿנונג, און זיך מיאש צו זיין אויף צעהנדליגער יאָהרען פֿון יעדער פּראגרעסיווער ערפּאלגרייכער אַרבייט אין פּאלעסטינאַ. מיר מוזען דעריבער קלאָר פֿערשטעהן, אַז פֿאַר אונז שטעהט די פֿראַגע: פּ א ל ע ס ט י נ אַ אָ ד ע ר ג אָ ר נ י ט. יעדער טריט, וואָס מיר קעהרען אָב פֿון אונזער ערשטען ציעל, דערווייטערט אונז אויף אייביג פֿון אונזער אויפֿגאַבע, און די יעניגע, וואָס ווילען אונז איינרעדען, אַז עס איז מעגליך צו אַרבייטען אין אַפֿריקאַ און פּאלעסטינא צוזאַמען, זיי נאַרען זיך און אַנדערע. דאָס איז אונמעגליך. די פֿראַגע איז — פּ אַ ל ע ס ט י נ אַ אָ ד ע ר ג אָ ר נ י ט; וואָס מען זאָל ניט פּרובען אונז איינצורעדען, דאָס רעזולטאַט בלייבט אַליץ דאָס זעלבע, און קיין שום פּלפּול וועט אונזערע אויגען פֿערבלענדען.

*) ? די רעד.

יעדע ארבייט אויסער פאלעסטינא איז נאך א ווייטערע צערשטערונג פון אונזער פאלק, און שטערט די ציוניסטישע ארבייט. ביי'ם אויסקלויבען דעלעגאטען צו'ם קאנגרעס, ברויכען מיר אלע צו זאגען דערפאר, אז יעדער דעלעגאט זאל פריהער אפען ערקלערען, אז ער איז איינשטימיג און וועט אויך בלייבען אויף דעם באדען פון די ווילנער החלטות. קיין שום פשרות ברויכען מיר ניט צומאכען און מען טאר ניט צולאזען, אז א „צווייטער" קאנגרעס זאל זיך בעשעפטיגען מיט דער פראגע אבגעטיילט פון די איבריגע ענינים פון קאנגרעס דער גאנצער לעצטער קאנגרעס האט זיך מיט דער פראגע בעשעפטיגט און אנגענומען א החלטה. און אויך איצט נור פאר דעם גאנצען קאנגרעס, און ניט פאר א טייל פון איהם, פאר דעם גאנצען ציוניסטישען קאנגרעס, ברויכט די פראגע געשטעלט צו ווערען, און דער בעשלוס ברויכט אנגענומען צו ווערען דורך אלע דעלעגאטען. מען ברויך מעהר ניט צוצולאזען אזעלכע קאמבינאציעס, וואס זאלען די ציוניסטען פערפיהרען, וואס זאלען דורך עפיס איין אונגעריכטע איבעראשונג דורכפיהרען החלטות. קיינעם ברויכען מיר מעהר ניט צו גלויבען, מעג עס זיין ווער עס איז, אויב ער וועט קומען מיט אנדערע נייע פראיעקטען. די אפריקא און טעריטאריאליסטישע פראגע ברויך צו זיין די ערשטע פראגע, מיט וועלכער דער גאנצער און איינציגער קאנגרעס וועט זיך בעשעפטיגען, דאס ברויך צו זיין דער ערשטער פונקט אין דער טאגעסארדנונג. און אויב די דעלעגאטען וועלען די פראגע ניט באלד לעזען דייטליך און קלאר, יא אדער ניין; אויב די פראגע וועט באלד אין אנהייב אבגעלעגט ווערען און וועט בלייבען אויף דערוויל אונגעלעזט, דאן וועט דער גאנצער קאנגרעס זיין ניט מעהר ווי א פוסטע צייטפערברענגעניש, און וועט אויך וואהרשיינליך זיין דער לעצטער קאנגרעס. נעמען זיך פאר אונזערע רוהיגע נויטהיגע ארבייט וועלען מיר קענען נור דאמאלס, ווען קיין אנדערע פראגען וועלען אונז אין וועג ניט שטעהן און וועלען אונז ניט שטערען, ווען די אלע פראגען וועלען מעהר ניט עקזיסטירען און מיר וועלען קענען אנווענדען אונזער גאנצע אויפמערקזאמקייט אויף אונזער איינציגע אויפגאבע. און דאן שטעהט ביי אונז אויפ'ן ערשטען פלאטץ די פראגע, ווי אזוי צו פערהיטען זיך אויף שפעטער פון אזעלכע שטערונגען, פון אזא טאקטיק, וואס ברענגט אונזער גאנצע בעוועגונג אין א סכנה. דערויף איז נייטהיג, אז די טאגעסארדנונג פון קאנגרעס, אז אלע פראיעקטען און פראגען, זאל דער אקציאנסקאמיטעט בעקאנט מאכען צווישען ציוניסטישען פובליקום ניט וועניגער ווי פיער וואכען פאר'ן קאנגרעס, כדי אלע דעלעגאטען זאלען פאראויס וויסען די אלע זאכען, מיט וועלכע זיי וועלען זיך האבען צו בעשעפטיגען, און דערביי וועלען אויך אלע ציוניסטישע אויסקלויבער קענען וויסען, וואס פאר שאלות עס וועלען פארקומען אויף'ן קאנגרעס, וועלען וויסען, וועמען אויסצוקלויבען פאר א דעלעגאט און איהם איבערצוגעבען זייער מיינונג. און ווען די טאגעסארדנונג איז נור געשטעלט געווארען, דאן מוז מען זיך ביי איהר האלטען מיט אייזערנער ענערגיע, און אויף קיין אופן ניט צוצולאזען זי צו ענדערען, אדער צו צוגעבען צו איהר א נייעם פונקט. נייע הוצאות קענען העכסטענס נור פארגעלעגט ווערען דער קאמיסיע, צו וועלכער די זאך געהערט, אבער ניט דעם קאנגרעס. אויב מיר וועלען איינפיהרען אט דעם פשוטען, ריין־פארלאמענטארישען סדר' וועט שוין ממילא אונמעגליך זיין, אז אויפ'ן קאנגרעס זאל ווידער פלוצלונג

געבוירען ווערען אַ נייער אַפֿריקאַ־פּראָיעקט, אַז מען זאָל די דעלעגאַטען איבערראשען מיט אַ׳ן אונערוואַרטעטער הצעה און בעקומען זייער הסכם.

דער צווייטער און אויך זעהר וויכטיגער פּונקט, וואָס דאַרף געשטעלט ווערען פֿאַר דעם קינפֿטיגען קאָנגרעס, איז, אַז מיר זאָלען איינמאָל אויף אַלע מאָל פֿעסט בעשליסען, אַז די החלטות וואָס דער קאָנגרעס נעמט אָן, מוזען אויך אונבעדינגט אויסגעפֿיהרט ווערען. איך וויל איצט ניט דאָ נאָכפֿאָרשען, וועמעס שולד עס איז געוועןּ, וואָס איינע פֿון די וויכטיגסטע החלטות פֿון קאָנגרעס (וועגען דער ענדערונג פֿון די באַנק־סטאַטוטען) איז געבליבען אַ טויד וואָרט. אויפ׳ן דריטען קאָנגרעס איז אנגענומען געוואָרען אַ קלאָרע החלטה, אַז די תקנות פֿון דער באַנק זאָלען געענדערט ווערען אין דעם זין, אַז די באַנק מוז אַרבייטען נור פֿאַר פּאַלעסטינאַ און סיריען, און דערמיט האָט זיך דער קאָנגרעס בעוואָרענט פֿון דער סכנה, אַז די מיטלען פֿון אונזער נאַציאָנאַל־באַנק זאָלען קענען בענוצט ווערען אויף אַנדערע לענדער. ליידער אָבער האָט מען די פּרינציפּיעלע וויכטיגע החלטה אין גאַנצען פֿערנאַכלעסיגט. און לעכערליך קלינגען די געשרייען פֿון יענע מגינים, וואָס זענען געשטאַנען אַזוי שטאָל און אייזען פֿאַר דער פּאַרלאַמענטאַרישער אָרדנונג און האָבען ווייטער געפֿיהרט די אַנטיציוניסטישע, אַפֿריקאַנישע אַרבייט, נור מיט דער טענה, אַז דער קאָנגרעס האָט איינמאָל בעשלאָסען איז פֿערפֿאַלען, און מען מוז מקיים זיין — לעכערליך זענען אָט די טענות, ווייל זיי אַליין האָבען זיך דאָך גאָר ווייניג געמאַכט פֿון די החלטות פֿון קאָנגרעס, און האָבען אפילו געהאַלטען, אַז עס איז מעגליך צו בענוצען זיך מיט דער באַנק פֿאַר דעם אַפֿריקאַ־פּראָיעקט. די אונטערהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג זענען ניט געפֿיהרט געוואָרען אין נאמען פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, צום ביישפּיעל אין נאמען פֿון אַקציאָנס־קאָמיטעט, נור מיט די פֿאָרשטעהער פֿון דער באַנק אין לאָנדאָן, אַלס פֿינאַנסיעלע אינסטיטוציע און ניט אַלס ציוניסטישע, און דער ציוניסטישער כאַראַקטער פֿון דער באַנק איז ביי די אונטערהאַנדלונגען גאָר ניט בעמערקט געוואָרען. אמת, אין דער פּרעסע און אויפ׳ן קאָנגרעס האָט מען זיך גערימט, אַז די אונטערהאַנדלונגען אַליין זענען שוין אַ נצחון פֿון ציוניזם. דער אמת איז אָבער אַז אין דעם גאַנצען משא ומתן איז ניט דערמאָנט געוואָרען קיין איינציג וואָרט וועגען ציוניזם. מען האָט זיך נור בענוצט מיט דעם קרעדיט פֿון דער באַנק אום צו קריעגען פֿון דער ענגלישער רעגירונג אַ קאָנצעסיע, אַזוי ווי עס בעקומען דאָס גרינג אַלע אַנדערע געלד־אינסטיטוציעס. און אָט מיט דעם האָט מען זיך בענוצט אָנצומאַכען אַזאַ רעש און אַזאַ מחלוקת אין אונזער אָרגאַניזאַציע. און אויך פֿאַר דעם מוזען מיר זיך בעוואָרענען איינמאָל אויף אַלע מאָל, אַז אַזעלכע אונגעזעצליכקייטען זאָלען מעהר ניט מעגליך זיין. דער קינפֿטיגער קאָנגרעס מוז זעהן, אַז די תקנות פֿון דער באַנק זאָלען ענדליך געענדערט ווערען אין דעם זין, אַז די באַנק פֿון די ציוניסטען זאָל זיך בעשעפֿטיגען נור מיט ריין ציוניסטישע ענינים, אַז זי זאָל קענען אַרבייטען נור אין פּאַלעסטינאַ און סיריען.

וואָס אַנבעלאַנגט דער „הנהגה" פֿון דער בעוועגונג, מיין איך, אַז אויך אין דעם פּונקט ברויכען מיר זיך צו בעמיהען, אַז דער רוב פֿון דער הנהגה זאָל זיין נ י י נ ז אָ ג ע ר. פֿון דער אַנדערער זייט זענען אַרויסגעשטעלט די נעמען אַלס פֿיהרער פֿון אונזער פּאַרטיי. עס איז מיר לגמרי ניט וויכטיג אנצורופֿען זיי מיט די נעמען. נור

אויב דאס זענען אזעלכע מענשען, וואס קענען ביי דעם ערשטען בעסטען געלעגענהייט איבערבייטען זייערע איבערצייגונגען, ברויכען זיי זיך ניט צו וואונדערען, אויב אונזער פערטרויען צו זיי, אלס מענשען פון פעסטע ציוניסטישע איבערצייגונגען, איז געפאלען, און אז מיר מוזען איצט שוין שטעהן אויף דער וואך, אז שפעטער ווען זאל ווידער ניט פארקומען אזא פלוצלינגע איבערבייטונג פון זייערע איבערצייגונג. עס וועט אונז זעהר פרעהען, אויב זיי וועלען ווידער צוריקקומען צו אונז און מיט אונז צוזאמען ווייטער ארבייטען. די מעהרצאהל אבער פון אונזער הנהגה מוז בעשטעהן נור פון אזעלכע מענשען, וואס האבען אין דעם קריטישען מאמענט ארויסגעוויזען, אז זייער איבערצייגונג איז פעסט, וואס זענען געבליבען טריי זייער ציוניסטישען אידעאל, טראץ דער גרויסער איבערראשונג, וואס האבען זייער מיינונג ניט געטוישט אונטער דעם איינדרוק פון א פלוצלינגער איבערראשונג. און אויב פון דער צווייטער זייט לעגט מען פאר דריי „יא זאגער" פאר פיהרער פון אונזער בעוועגונג, ברויכען מיר פון אונזער זייט צו די דריי צוצוגעבען פיער „ניינזאגער", אזוי אז די הנהגה זאל בלייבען ריינציוניסטיש אין אינזער זין.

די דאזיגע טאקטיק אונזערע איז נאך נייטהיגער דעריבער, ווייל מיר וועלען דאך מוזען שוין אויף דעם קאנגרעס זארגען וועגען פראקטישער ארבייט. וואס, וואו און אויף וועלכער ארט אונזער נאהענטע ארבייט וועט זיין — דאס העננט אן פיעל תנאים, וואס מען קאן ניט פאראויסזעהן און מיר וועלען זיך מוזען דערווייל בעשעפטיגען נור מיט פרינציפיעלע אבשטימונגען. דאס איז אבער פעסטגעשטעלט, אז אונזער גאנצע ארבייט מוזען מיר אנווענדען אום אונזער האפנונג אין פאלעסטינא צו פערווירקליכען. מיר מוזען טריי בלייבען זיך זעלבסט. מיר מוזען טריי בלייבען אונזער אלטען גלויבען. מיר מוזען אויפהייבען די פערלוירענע אכטונג צו אונז פון די פעלקער, און דורך ברידערליכע ארבייט דערגרייכען דעם טאג, ווען מיר וועלען צוריק בעקומען אונזער אייגענע היים, און בעקומען זי ניט אלס מתנה פון אנדערע, נור דורך אייגענער ארבייט, דורך אייגענער אויפאפפערונג. די קינפטיגע היימאט אונזערע אין הייליגען לאנד ברויך אויפגעבויט צו ווערען אויף ברייטע פאלקסטימליכע פונדאמענטען, און צו דער ארבייט ברויכען גערופען צו ווערען די פעראייניגטע זעלבסטבעוואוסטע מאסען.

מוטהיג געהען מיר פארווערטס!

לאנדאן 19 טאג אין עומר 5665.

מ. גאסטער.



# וועגען נאציאנאליזם.

## די נאציאנאלע אידעע ביי די יודען.

(ענדע פֿון קאַפּיטעל III) *).

דאָס יודישע פֿאָלק איז דערפֿאַר ביז איצט געבליבען פֿעסט ווי אַ פֿעלזען אים מיטען פֿון שטורמדיגען, רוישענדעם ים. עס איז אפשר דאָס איינציגע פֿאָלק אין דער וועלט וואָס האָט דאָס רעכט זיך אנצורופֿען אַ נאציע, ווייל נור זי אַליין האָט זיך אָבגעהיט און זיך ניט פֿערמישט מיט אַנדערע פֿעלקער. דער יודישער טיפּ איז געבליבען אין די פֿיער טויזענד יאָהר וואָס אונזער פֿאָלק בעשטעהט ריין און גלייך ווי ער איז געווען באַלד ווי ער איז אויפֿגעטרעטען צום ערשטען מאָל אין דער וועלט געשיכטע. די שטיינער וואָס ווערען אין אונזערע צייטען אַרויסגעגראָבען פֿון די חרבות וואָס זענען געבליבען פֿון די אַמאָליגע מעכטיגע און שטאַרקע פֿעלקער, וועלכע האָבען געמאַכט ציטערען די וועלט, יענע מצבות וואָס האָבען גע־עפֿענט די מיילער און דערצעהלען אונז וואָס זיי האָבען אַמאָל געזעהן און געהערט זענען געוואָרען לעבעדיגע עדות פֿאַר די איינציגקייט און אייניגקייט פֿון דעם יודישען פֿאָלק.

אויף דער מעריב־וואַנד פֿון דעם אַלטען קעניגליכען פּאַלאַסט אין דער שטאדט טעבען אין מצרים זעהט מען אויסגעמאָהלט אַ בילד פֿון אַ משפּחה וואָס קומט אָן פֿון אַ פֿרעמדען לאַנד. דאָס איז פּארגעשטעלט ווי יעקב מיט זיין פֿאַמיליע קומט צום ערשטען מאָל אין מצרים. ווען מיר געבען אַ קוק אויף די פּנימער, אויף די געשטאלט פֿון די מענשען דערקענען מיר אין זיי באַלד דעם עכטען שיינעם יודישען טיפּ...

אויף די שטיינער וואָס דער פּראַנצויזישער געלעהרטער לאַגאַרד האָט געפֿונען אין די חרבות פֿון קונדושיק ווערט פֿארגעשטעלט דאָס בילד ווי סנחרב מלך אשור בעלאַגערט די שטאדט לכיש. מיר זעהען דא די סאָלדאַטען וואָס בעשיצען די שטאדט און אויך די געפֿאַנגענע וואָס ליגען אונטער די פֿוס פֿון דעם זיגער, דעם מנצח, מיר דערקענען זיי באַלד, אַז דאָס זענען יודען מיט אַלע פּיצלאך און בּרעקלאך.

מיר זעהען דערפֿון אז דער יודישער טיפּ איז געבליעבען דער אייגענער ווי ער איז געווען פֿאר דריי און פֿאַר פֿיער טויזענד יאָהר. ער האָט זיך כמעט גאָר ניט פֿער־ענדערט. אין די שפּעטערע צייטען ווייסען מיר שוין פֿון די יודישע און ניט יודישע

*) זעה העפֿט V.

היסטאריקער, אַז די יודען האָבען זיך ניט פֿעַרמישט און האָבען אין זיך ניט אויפֿגענומען פֿרעמדע פֿעלקער. שפּעטער אין דעם גלות איז נאַטירליך שוין גאָר ניט דאָ וואָס צו רעדען אַז יודען זאָלען אין זיך אויפֿנעמען פֿרעמדעס בלוט. עס האָט אין די ביטערע צייטען פֿון נזרות און שמדות אפשר געטראָפֿען, אַז די בלוטיגע אינקוויזיציע האָט גענייט יודען זיי זאָלען זיך אָבזאָגען פֿון זייער פֿאָלק און פֿון זייער גאָט און זי האָט דאָס אויסגעפֿיהרט (דאָך אָבער פֿלעגען די מייסטע פֿון זיי, באַלד ווי די גזרה איז נור אַוועק, צוריקקעהרען צו זייער פֿאָלק!) אַזוי קענען מיר דערפֿון נור דרינגען, אַז יודישעס בלוט האָט זיך פערמישט צווישען די אַנדערע פֿעלקער, אָבער ניט אַז פֿרעמדעס בלוט איז פֿערמישט צווישען יודען!.. אָבער גראַד דיעזע אַנוסים, די געשמדטע יודען זענען בלוטיגע עדות פֿון דעם געוואַלטיגען כח וואָס שטעקט אין דעם יודען, פֿון דער אייביגקייט וואָס ליגט אין דעם יודישען בלוט. מיר זעהען אַז דיעזע אַנוסים, דיעזע צווייגלאַך וואָס זענען אָבגעבראָכען געוואָרען פֿון דעם יודישען בוים זענען דאָך ניט געוואָרען פֿערדאַרט! אמת זיי וואַקסען ניט מעהר אונטראָגען ניט קיין פירות אָבער גאַנץ פֿערלוירען און פֿערשוואונדען זענען זיי אויך ניט פאַר אונז. עס קלאַפּט נאָך אין זיי דער יודישער אָדער, זיי שטעהן פֿערלאָזען אין דער צייט פֿון דעם גרויסען וועג און וואַרטען אויף דעם שפּעטען רעגען וואָס זאָל זיי ווי דער טל־של־תחיה ווידער אויפֿוועקען צום לעבען. כמעט אַלע אנוסים האבען זיך ניט פֿערמישט מיט די פֿעלקער צווישען וועלכע זיי וואהנען, זיי לעבען אַליין, אבגעזונדערט פֿון אַלע.

אויף די באַלעאַרישע אינזעלן איז אים יאהר 1435 פֿארגעקומען אַ שמד, מען האָט געצוואונגען די יודען זיך אבצוזאָגען פֿון זייער אמונה און אנצונעמען די קאַטוילישע. פֿון יענער צייט אָן איז שוין אוועק מעהר ווי פֿיער הונדערט יאָהר, און ווען מיר קומען היינט אין דער שטאדט פאלמאַ די הויפּטשטאדט פֿון דיעזע אינזלען, געפֿינען מיר דאָרט אַ בעזונדערע יודישע קירכע (בית תפלה) וואו די קינדער פֿון דיעזע אַמאָליגע געשמדטע יודען פֿערזאַמלען זיך צום געבעט; אויך געפֿינען מיר דאָרט א בעזונדערן פֿיערטל אין דער שטאָדט וואו זיי וואהנען און זיי האָבען אַ בעזונדערען בית הקברות. נאַטירליך זענען זיי זיך מתחתן נור צווישען זיך. ווען מען געהט אַריין אין דיעזער פֿינסטערער קירכע אין אַ זונטאג פֿאַלט אויף איינעם אַ מורא הערנדיג ווי די מענשען זענען מתפלל הויך אויפֿ'ן קול, עס דאַכט זיך אַז אָט שטעהען הינטען אונטער די פֿלייצעס די שפּיאָנען פֿון דער אינקוויזיציע, וואָס זענען געקומען זעהען אויב די יודען נארען זיי חלילה ניט אפ... אויך אין די אַנדערע שטעדט אויף דיעזע אינזעלען לעבען די קינדער פֿון די אנוסים בעזונדער און קומען צו קבורה אויך בעזונדער. די בעפֿעלקערונג רופֿט זיי חועטאס, דאָס בעדייט „חזיר־פֿרעסערס‟, ווייל זיי האָבען אַמאָל געמוזט עסען אַ סאַך חזיר כדי מען זאָל זיי ניט חושד זיין, אַז זיי זענען נאָך אים שטילען יודען. דאָס איינענע זעהען מיר אויך ביי די אַלע אנוסים אין פּורטוגאַל, אַז זיי זענען זיך נאָך עד היום מתחתן נור צווישען זיך. אויך די מאמינים אין סאלוניקי, אַ אַלטע יודישע סעקטע וואָס האָבען אנגענומען פֿאַר אַ פּאָר הונדערט יאָהר דעם מחמד־גלויבען (שבתי־צביניקעס) לעבען אבגעזונדערט פֿון די איבריגע

מחמד'נער און זענען זיך מתחתן נור צווישען זיך. דאפון זעהן מיר, אז וואס עס איז נוגע צו די ריינקייט פון דעם בלוט שטעהן נאך היינט די יודען אויף דער העכסטער מדרגה, אז זיי זענען נאך עד־היום געבליבען א ביישפיל פון נאציאנאלער ריינקייט.

אויך א שפראך האט דאס יודישע פאלק אויסגעבילדעט שוין אין די עלטעסטע צייטען, די העברעאישע (לשון־הקודש), א שפראך וואס שטעהט נאך עד היום ווי א מעכטיגע זייל צווישען די שפראכען, אין דער רייכקייט פון איהרע אויסדריקע, אין דער הויכער פאעזיע, אין דעם שטארקען טיעפען געפיהל, וואס עס ווערען אין איהר אויסגעדריקט און ארויס געזאגט. אבער אויך שפעטער ווען די יודען האבען אויפגעהערט צו רעדען און שרייבען לשון קודש און האבען אנגעהויבען בענוצען די שפראכען פון די פעלקער צווישען וועלכע זיי וואהנען, האט זיך דאך שטענדיג בעוויזען דער בעזונדערער גייסט פון דעם יודישען פאלק, וואס האט אין דער פרעמדען שפראכע דאך זיך אויסגעבויט א אייגענעם יודישען ווינקעל, האט אויסגעבילדעט א בעזונדערע יודישע שפראך, דעם ז'ארגאן, אומעטום וואו די יודען האבען געלעבט האבען זיי געהאט צווישען זיך און פאר זיך אזא מין שפראך. מיר געפינען זי אין פרסיש, אראביש, גריכיש, דייטש, און היינט בילדעט זיך פאר אונזערע אויגען אזא מין יודיש־ענגליש. אין דיעזע אלע שפראכען געפינען מיר א אייגענע יודישע ליטעראטור וואס איז געשריבען מיט העברעאישע אותיות און איז פערפלאכטען און פערשמאלצען מיט אסאך לשון־קודש'דיגע ווערטער און אויסדריקע. אזוי האט זיך דער יודישער גייסט שטענדיג אין גלות אפילו אין דער פרעמד אויסגעבויט זיינע בעזונדערע שפראך און האט איהר פערחתמט מיט דער אייגענער יודישער חתימה מיט די לשון־קודש'דיגע אותיות...

פון דער אמונה, פון חוקים און מנהגים, משפטים און זיטען דארף מען נאטירליך שוין גאר ניט רעדען, זיי זענען יעדער'ן בעקאנט. אויך פון דער יודישער ליטעראטור, פון דער תורה, דעם תנ"ך וואס איז געווארען דער ערשטער ספר אין דער וועלט, וועלכעס איז געווארען איבערגעזעצט אין אלע וועלטשפראכען און איז דער ערציהער פון מענשען און פעלקער געווארען, האבען מיר ניט קיין סך וואס צו רעדען, דאס זענען אליך זאכען וואס זענען יעדעם יודען גענוג בעקאנט. פון דעם אבער דערוויסען מיר זיך, אז דאס יודישע פאלק איז נאך עד היום געבליבען דאס איינציגע פאלק וואס האט ערהאלטען אלע סמנים פון א נאציע, נור איין זאך פעהלט איהם—דאס איז דאס לאנד, די ערד אויף וועלכער דאס פאלק זאל קענען ווייטער וואקסען, ענטוויקלען זיינע קרעפטען און זיינע אייגענשאפטען.

ש. י. סטופניצקי.

# עס האט זיך ניט געלוינט.

(אַ בילד).

דער פֿאַרנאַכט האָט זיך לייכט, ווי מיט צערטליכע טריט איבערגעצוינגען איבער דעם וויטען ווייכסיל ברעג. דאָס וואַסער האָט זיך רוהיג ווי צום איינשלעפֿען געוויעגט אין זיין ברייטען ראַנד, און וויט אין דער וועלט אַריין אַ שטומע בערלינקע פֿערפֿיהרט... ביים עק הימעל, דאָרט וייט וואו עס האָט זיך שוין געריסעוועט די אייזערנע בריק הענגענדיג אין דער לופֿטען, האָט זיך דער הימעל אין איין רויט פֿייער געפֿלאַמט. דער ברענענדיגער הימעל האָט אַרויס געקוקט פֿון צווישען די געמוירטע זיילען, אויף וועלכע עס ליגט די אייזערנע בריק, און אין דעם רויטען הימעל האָט זיך געריסיוועט הויכע שפּיצטען פֿון קירכען, קירכען און קירכען. עס האָט זיך געדאַכט אַז די גרויסע נשמה פֿון דער גרויסער שטאָדט וואַרשע ברענט זיך און בראָט זיך דאָרט אין גיהנום איבער איהרע פֿיעלע זינד, וואָס ווערט אין איהר אָבגעטהון דורך דעם לאַנגען הייסען זומער טאָג...

אויף דעם וואַסער, פֿון קאַזמער צו איז געשווימען אַ בערלינקע מיט אויבס אין דער גרויסער שטאָדט אַריין. באַשע, אהרון „כל־מיר׳ס" אויבס־הענדלערס טאָכטער האָט זי געפֿיהרט. אַ געזונד רויטע מויד. וואָס נור אין דער פּראָווינץ אַליין, אין די סעדער קען נאָך אַזעלכעס אויפֿוואַקסען, און אהרון אַליין האָט מיט דעם שיפֿלער נאָך געשטופּט. עס איז שוין געוועזן סכות־צייט. אהרון סאַדאָוניק האָט דאָס אויב׳ס פֿון די ביימער אַראָבגענומען, און געפֿיהרט עס נאָך וואַרשע מיט דער בערלינקע. דער ווינד האָט אהרונ׳ען די לאַנגע, שוואַרצע באָרד פֿערשפּרייט, די שפּאַלטען פֿון זיין קאַפּאָטע פֿערשפּרייט, עס האָבען זיך אַרויסגעוויזען די ציצות, דער ווינד האָט דאָס טיכעל פֿון באַשעס קאָפּ אַראָבגעריסען, צעלאָזט איהר די שוואַרצע געדיכטע צעפּ, וועלכע האָבען איהר געפּאַטשט אין די רויטע, געזונדע באַקען, און אַזוי צופֿאָה־רענדיג צום שילעך צו, האָט זיך געדאַכט, אַז אהרון מיט זיין בערלינקע שפּאַלטען און שיידען דעם הימעל פֿון וואַסער אָב, וועלכע אַ לייכט, ציטערענדיג נעפּעלע האָט זיי קוים צוזאַמענגעוועבט דאָרט אין עק וועלט דעם הימעל מיט וואַסער, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס זענען צוויי הימלען...

אָנקומענדיג צום שילעך צו, צווישען די פֿיעל אנדערע קליינע שיפֿלעך, וועלכע זענען אָנגעבונדען ביים ברעג, האָט באַשע בעמערקט פֿון דערוויטענ׳ס „פּשאָריק׳ען" אַ אָבגעריסענעם ווייכסעל יונג, וועלכער היט נור אָב די באַרלינקעס מיט אויב׳ס. אַז ער זאָל קענען עפּעס בעקומען.

באַשע האָט זיך אָבגערופֿען צום פֿאָטער:

— זעה, פשאריק וואַ־ט אונז שוין אָב.

— דער דראָנג איז דאָ, האָט אהרון געזאָגט, קוקענדיג אויפ׳ן דראָנג, וואָס איז ביי איהם געלעגן.

זיי זענען אנגעקומען צום ברעג. אהרון האָט אראָבגעלאָזט דאָס אייזען אין וואַסער אַריין. אַרויסגעקראָכען, אָנגעבונדען די שטריק ביי דעם נאָהנסטען בוים. פשאָריק איז צוגעקומען, נעמט אָן די שטריק און געהט העלפען.

— איך דאַרף דיך נישט, נור מאַך דיר נישט קיין פוסעל — האָט איהם אהרון אָבגעשטיפט.

— זעהט נור, וואָס האָט איהר מורא, איך וועל אייך אַ שטיקעל אָבבייסען?

— מען ווייס זיך קענען אָהן דיר אויך בעגעהן, האָט איהם באַשע פון דער בערלינקע אַראָב־געוואָרפען.

— העי, אַ רוח איהר אין די אויגען — האָט פשאָריק צו איהר אַ שעלמישען ווינק א הין געוואָרפען.

— דו פשאָריק נעך, געהסט דו אַוועק — האָט באַשע געחאַפּט דאָס דרענגעל.

עס איז דערווייל צו געקומען דער סטראַזשניק וואָס שטעהט דאָרט. גאַנ׳ץ שיין זיך געוויטעוועט מיט אהרונ׳ען. אהרון האָט זיך דאָס היטעל אַראָב גענומען. פשאָריק פון דערווייטען האָט אויך מיט׳ן הוט נעגריסט.

— אַ גוטער יונג, האָט דער סטראַזשניק געקלאַפּט פשאָריק׳ן אויפ׳ן ריקען. און מיט די צווייטע האַנד איהם דעם הוט איבער די אויערען געצויגען, — אָבער זעה, גוטער ברודער, אַז דו זאָלסט מיר נישט צווישען מיינע פינגערלעך אַריין־פאַלען.

— צייט געוועזען, צייט געוועזען — האָט אהרון מסכים געוועזען.

— ניטשעוואָ — האָט פשאָריק זיך פון סטראַזשניק׳ס האַנד אַרויסגעדרעהט.

---

אַז מען האָט שוין די בערלינקע ביים ברעג פערפעסטיגט, איז באַשע געגאַנגען אין נאָהנטען געוועלבעל אַריין, איינקויפען די נויטינסטע זאַכען.

עס איז שוין געוועזען האַלב טינקעל. די נאַכט האָט געשוועבט אין די לופטען, און צווישען די קופעס שטיינער וואָס ליגען פאַר׳ן ברעג צוריק געהענדיג מיט די זאכען פון געוועלב׳ל צו דער בערלינקע — האט זי פשאָריק׳ן בעגעגענט. זי האט פלינק געזואלט פערביילויפען, פשאָריק האט איהר אבער דעם וועג פערהאלטען, און זי ביי די האנד אננענומען, שעלמיש איהר געקוקט אין די אויגען.

די מויד האָט זיך געוואָלט פון איהם אַרויסרייסען, ער האָט זי אָבער צופעסט געהאַלטען, און זי האָט מורא געהאַט, אַז דער צוקער מיט דעם טהע זאָלען זיך איהר ניט אויסשיטען, האָט זי זיך שטום געוועהרט; ער האָט זי אָבער פעסטער אַרום גע־נומען און צו זיך געדריקט.

די פראווינציאנאלער מויד, וואָס קיין אויג האָט זי קיינמאָל ניט ביי זיי אין שטעדטיל אָנגעריהרט, — איז רויט געוואָרען, עס האָט אין איהר עפּעס אָנגעהויבען צו קאָכען... און ניט וויסענדיג אַליין האָט זי דעם יונג מיט אַזאַ קראַפט פון זיך גע־געבען אַ שטויס אָב אַז דער יונג האָט זיך איבערגעקויקעלט, און פלינק צו דער בערלינקע צו.

---

עס איז געווען נאַכט, נור ניט די נאַכט האָט געהאַנגען איבערן וואַסער, — די נאַכט אין וואַסער, דאָס וואַסער אין די נאַכט, פֿערזונקען אין די אָרים'ס זענען זיי ביידע ערגעץ וואו געווען פֿערוואָרפֿען. זעלטען וואו האָט אין די נאַכט אַ אויס־גייהענדיג שטערענדיל געבלאַנדזשעט, און דאָס וואַסער איז אַזוי שטיל געווען, אַז דאָס פּליסקערן פֿון אַוואַל נאַנץ טיעף, האָט זיך געדאַכט ווי אַ שטילע לאַנגע מעשה פֿערציילט, פֿון אַ שטילער נשמה. טיעף אין די נאַכט האָבען זיך דאָ און דאָרט גע־טוקט ליכטלעך, און עס האָט זיך געדאַכט, ווי אונענדליכע, שוואַרצע חיות זענען מיט זייערע לאַפּעס אין וואַסער איינגעזונקען, און דאָס שטערענדיל, דאָס אויג, שיינט זיך אין זייער שטערן.

פּשאָריק, איז אין דער שטיל צונעקראָכען, אויף אַלע פֿיער, צו דער בערלינקע. און ליגענדיג מיט'ן קערפּער אויפ'ן ברעט, וואָס ליגט פֿון ברעג צו דער בערלינקע, האָט ער זיין האַנד אין די בערלינקע אַריינגעשטעקט צו גנב'ענען אויבס —

ער איז געלעגען אויפ'ן ברעט, און מיט דער האַנד אין דער שטיל געטאַפּט אין דער בערלינקע. פּלוצלינג, איז ער שטיל רוהיג געבליבען. דאָס האַרץ האָט אין איהם הויך אויפגעהערט צו קלאַפּען ווי ביז יעצט, נור אין דער שטיל זיך בעוועגען. זיין האַנד האָט זיך אַריינגעקנעטען אין עפּעס רונדיגעס, ווייכעס, און וואַרימעס. דער יונג איז געלעגען, ער האָט מורא געהאַט צו קלעהרען, אַז מען זאָל זיינע געדאַנקען ניט הערען, מיט'ן האַרץ מורא געהאַט צו פֿיהלען. און די האַנד אַזוי ווי זי האָט זיך אַריינגעקנעטען פֿון אויר מיט אַמאָל, אַזוי האָט זי זיך אין וואַרימעס געהאַלטען, דאַך, נאכ'ן ערשטען בעראַשונג — האָט דער יונג געפּריווט די האַנד ווייטער צו שיקען... עס האָט זיך געלאָזט — דאָס ווייכע, האָט ער געפֿיהלט, ווי עס ערוואַרימט זיך, עס ציהד הינטער זיין האַנד. און איין געפֿיהל האָט איהם אָנגענומען: ער האָט הינטער זיין האַנד עפּעס לעבעדינגעס מיט אַ רצון... און דעם יונג האָט עס געצויגען... עס האָט זיך אין דער מחשבה געמאַכט פֿערגעסען פֿאַר זיך אַליין וואו ער איז, וואָס עס איז. נור ער האָט זיך געגליטשט נעהנטער, נעהנטער... און ער האָט דערפֿיהלט וואַרימעס און ווייכעס...

ער איז געבליבען ליגען איינגעזינקען, ווי מען וואָלט איהם אַרויף געוואָרפֿען. ער האָט דערפֿיהלט אַ וואַרימען אָטהעם, וואָס האָט איהם אַרום גענומען ווי הינטער אַ וואַרימער דעק... און ער איז געבליבען ליגען אָהנע זיך צו בעוועגען, נור גענאָרעט מיט זיין פּנים אין אַ ווייכען, וואַרימען האַלז, וואָס האָט זיין פּנים אין זיך אַזוי ווייך אַריין גענומען ווי אין אַ וואַרימען פוך.

דאָס „וואַרימע", דאָס „ווייכע" האָט זיך הינטער איהם געלאָזט ליגען אַזוי שטיל, אַזוי אהנע זיך צו בעוועגען, ווי עס וואָלט גאָר קיין לעבענדיגעס ניט געווען, נור דער הייסער אָטהעם, וואָס האָט זיך געטראָגען פֿון די נאָזלעכער, האָבען אויף זיין נאַקעטען האַרץ געקלאַפּט. אין האַרץ זיך אַריינגעצויגען און געוואַרעמט...

דער יונג איז געלעגען שטיל. געשוויגען אין האַרץ און אין קאָפּף.

און די נאַכט איז געווען אין וואַסער און דאָס וואַסער אין דער נאַכט און ביידע אין די אָרים פֿערזינקען זענען ערגעץ וואו געווען פֿערוואָרפֿען, און שטיל איז געזוימען אַרום און אַרום. ווי די וועלט וואָלט דעם אָטהעם אויפֿגעהאַלטען, וואַרטענדיג מיט שרעק אויף עפּעס...

נור צייטען וויים האט די לאדקע אין וואסער זיך בעוועגען, און דאס וואסער האט אין דער שטיל און אין דער פינסטער דעם ברעג געקושט, געגלעט און געקיצעלט...

---

אין דער וועלט איז עפעס געשעהען. פערנעפעלט נאך אין טונקלען שלייער, און דאך וויסט מען ניט ווי אזוי — אין דעם נעפעל הייבען זיך שוין אן אבצושיידען דער הימעל פון וואסער, עפעס זעהר א גרויעס, ווי וואסער פון א גרויען ים האבען זיך אריין פערבלאנדזשעט אין פינסטערן נאכט ים אריין, און האבען פערגרויעט די וועלט. ארום און ארום איז אלעס געוועזען פערהאנגען נאך אין דעם גרויען נעפעל, או די בערלינקעס, די הייזליך ארום ביי'ם וואסער, וואס זייערע סילועטקעס האבען זיך גערים יועט פון נעפעל האבען דעם איינדריק געמאכט פון איין „ניכטערון", וואס איז ערשט אויפגעשטאנען פון שלאף, און נאך פאר „מה טובו"... נור וואס אמאל מעהר, זענען די בערלינקעס בולטער ארויסגעקומען פון נעפעל. די אייזערנע בריק האט זיך פון דערווייטען געוויזען, און צווישען די זיילען אויף וועלכע זי ליגט האבען סילועטקעס פון דעכער, דעכער, און דעכער, גערים יועט זיך אויף א גראען גרונד...

פשאריק איז געשטאנען ביי'ם ברעג פון דער ווייכסעל, געקוקט אהנע צו וויסען אליין, וויט אין האריזאנט, און האט דאס מויל ברייט אויפגעעפענט, די הענד משונה פערבראכען, און ברייט געגענעצט — עס האט זיך ניט געלוינט.

די גרויע וועלט ארום און ארום, האט פשאריקען נאך געגעניצט: עס האט זיך ניט געלאזט.

אין דעם גרויען טאג שיין — צווישען אנדערע בערלינקעס, איז אויך ענטפלעקט געווארען אהרון כל־מירם פון קאזמער'ס בערלינקע. דער גרויער טאג שיין האט בע־גרויט באשען, וועלכע איז געלעגען אויף איהר שעניק, אראבגעווארפען פון זיך דעם פאטער'ס פעליץ, עס האט זיך געוויזען די נאקעטע פוס ארויסשטארענדיג פון די רויטע האלקע און די געדיכט שווארצע צאפף זענען געוועזען צוזאמענגעדריקט, אויף איהר רויטע אבגעלעגענע באקען...

ש. אש.



# דער אמת וועגן „קרית ספר“. —

אין דער לעצטען צייט זענען אַלע יודישע צייטונגען אַרויס מיט שאַרפֿע אַרטיקעל געגען מיר און די שולע „קרית ספר“ וואָס ווערט פֿון מיר געפֿיהרט. די אַלע צייטונגען האָבען זיך געשטיצט בלויז אויף די רכילות פֿון צוויי אַרויסגעטריבענע קינדער. עס איז מעגליך אַז אַלע האָבען מיך שוין פֿער׳משפט און דער איצטיגער אמת וועט ניט פֿיעל העלפֿען. פֿאַראַן זשורנאַליסטען וואָס ווילען דעם אמת ניט וויסען און זיי וועלען וועגען אָט דעם אמת אין זייערע צייטונגען ניט שרייבען. אָט האָט למשל דער „פֿריינד“ קיינמאָל ניט געוואָלט אָפּדרוקען מיינע אַ תשובה אויף אַלע אַרטיקעל פֿון ש. ראָזענפֿעלד, וועלכער האָט געשריבען וועגען דער שולע „קרית ספר“. —

דאָך אָבער האַלט איך עס פֿאַר נייטיג דעם עולם צו זאָגען דעם אמת איבער דער שולע. איך פֿערלאַנג אָבער ניט, מען זאָל מיר גלייבען. איך פֿאָרדער פֿון אַלע יענע, וואָס אינטערעסירען זיך מיט „קרית ספר“, שיקען אַהין אַ קאָמיסיע אויספֿאָרשען אַלעס וואָס דאָרט קומט פֿאָר. דער עולם וועט דענסטמאָל זעהן אויב מיין אמת האָט אַ ווערטה, צו ניט. ביז דענסטמאָל אָבער פֿערלאַנג איך מיך ניט משפט׳ן אונטער די אויגען. איך פֿערלאַנג דאָס אין נאָמען פֿון אמת, גערעכטיגקייט און יושר*).

* * *

*) אַלע אונזערע טעגליכע צייטונגען האָבען זעהר לייכטזיניג פֿער׳משפט דעם דירעקטאָר פֿון דער שולע „קרית ספר“ העררן י. בעלקינד. מיר האָבען זיך געווענדעט צו ה. י. בעלקינד מיט דער פֿאָדערונג פֿאר „די יודישע צוקונפֿט“ תיכף שיקען א אויספֿיהרליכען בעריכט איבער דער שולע, וועלכע דארף דאָך אונז אלעמען טייער זיין. מיר ברענגען דא דעם ארטיקעל און פֿאָדערן צוזאמען מיט בעלקינדען א קאָמיסיע, וואָס זאל אויספֿאָרשען די שולע אויפֿ׳ן אָרט. אזא קאָמיסיע דארף געשיקט ווערען פֿון ציוניסטישען אקציאָנס־קאָמיטעט; זי דארף אבער אויך געשיקט ווערען פֿון אונזערע טעגליכע צייטונגען וועלכע זענען דאך מחויב צו געבען דעם עולם ידיעות ניט בלויס דאס וויי שעפּען פֿון א פּאָר קינדער בריעף. —

מיר האבען זיך אויך געווענדעט צום ציוניסטישען מורשה ד. מ. שיינקין וואס איז איצט אין ארץ־ישראל, אז ער זאל דארט אויפֿ׳ן אָרט אויספֿאָרשען אלעס און דערמיט אונזערע לעזער בעקאנט מאכען. מיר האָפֿען אז ער וועט ערפֿולען אונזער בקשה.

אונזער אויפֿגאבע בעשטעהט ניט אין דעם צו „פֿערטיידיגען“ אדער צו „בעפֿאלען“ בעלקינדען כדי דערפֿון צו „בעווייזען“ די נוטצליכקייט אדער שעדליכקייט פֿון דער ארבייט אין ארץ־ישראל. אויף אזא אופֿן געפֿיהרטע „בעוויזע“ איבערלאָזען מיר אונזערע פֿאָלקס־ליעבהאבער: יצקן, צייטלין און ש. ראזענפֿעלד. די רעד.

אונזער דירה. מיר האָבען נאָך ביז איצט ניט אונזער אייגענעס לאַנד און ניט אונזער אייגענעס הויז. שוין מעהר אַלס אַ יאָהר וואָס מיר געפינען זיך אין דער קליינער קאָלאָניע שפיה אַ האַלבע שעה ווייט פון דער קאָלאָניע זכרון יעקב. די לופט אין דיעזער קליינע קאָלאָניע איז זעהר גוט; דאָס וואַסער אויך און די לאַגע זעהר שיין און מאַלעריש. נור די הייזער אין וועלכע מיר וואָהנען זענען ניט געבויט פאַר אַ שולע און ספּעציעל ניט פאַר אונזער שולע. מיר האָבען צוויי הייזער וועלכע זענען ווייט איינס פון דעם אַנדערן כמעט פינף הונדערט מעטער. איינס געפינט זיך אויפ'ן באַרג און איז געבויט פאַר אַ סאַנאַטאָריום. דאָס צווייטע איז ביים פוס פון באַרג נאָהענט פון קוואַל און איז געבויט פאַר אַ מילך־ווירטשאַפט. אַ גאַנצען טאָג געפינען זיך די קינדער הינטען, דאָרט זענען די קלאַסען, די קיך, דאָס עסצימער דער מאַגאַזין, די סטאָלאַרניע; ביי דעם הויז געפינען זיך די גערטנער וואו די קינדער אַרבייטען. אויבען אויפ'ן באַרג געפינען זיך די שלאָפצימער, דאָס חדר וואו די מיידלעך נייען, די אַפּטייק, אַ צימער פאַר דער לעהרערין און אַ צימער פאַר דעם משגיח. אין די צימער וועלכע האָבען פיער מעטער די ברייט, פיער מעטער די לענג און פיער מעטער די הויך שטעהען צו פינף בעטלעך און עס שלאָפען דאָרט צו פינף קינדער. יעדעס קינד האָט אויף זיין בעט אַ מאַטראַץ, אַ ליילעך, אַ קישעלע און צוויי וואָלענע דעקען מיט אַ ליילעך אויף צודעקען זיך. דאָס בעט־וועש, ווי איבערהויפּט דאָס וועש, בייטען די קינדער אַלע וואָך (ערב שבת). אַזוי ווי די קינדער פאַרלאָזען די שלאָפצימער אין דער פריה און קומען צו געהן אַהין נור ביי נאַכט ווען מ'דאַרף געהן שלאָפען, און אַזוי ווי אַלע אין דער פריה וואַשט מען די צימער, הערשט אין זיי און אין די בעטען די שטרענגסטע ריינליכקייט. אַרום דעם הויז איז אויסגעפלאַנצט אַ וועלדיל פון צעדערן און איקאַליפּטוס־ביימער.

די קינדער נאָך די קלאַסען. אין גאַנצען זענען פאַראַן 42 *) קינדער. פון זיי 7 מיידלעך און 35 יונגליך. פון די יונגליך געפינט זיך איינער אין יפו און אַרבייטעט דאָרט אין אַ גיסערייי־פאַבריק. פון די מיידלעך איז איינע נאָך צו קליין און קען צו קיין קלאַסען ניט צוגעזעצט זיין. בלייבען 40 קינדער וועלכע זענען איינגעטיילט אין פיער קלאַסען. 6 קינדער (4 יונגלעך און 2 מיידלעך) פון 7 ביז 11 יאָהר; די יונגסטע קינדער בילדען דעם קלאַס מכינה. זיי לערנען 6 שעה אַ טאָג: 3 בעזונדער און 3 מיט דעם ערשטען קלאַס צוזאַמען. אַרבייטען קענען זיי נאָך וועניג דאַריבער לערנען זיי מעהר פון די איבריגע קינדער. 12 קינדער פון 11 ביז 14 יאָהר זענען אין דעם ערשטען קלאַס מחלקה א. זיי לערנען 4 שעה אַ טאָג. 18 קינדער פון 12 ביז 17 יאָהר זענען די עלטערע קינדער מחלקה ב. ווינטער האָבען זיי געלערנט 5 שעה אַ טאָג. זומער וועלען זיי אויך לערנען אַזוי פיעל אויסער די טעג אין וועלכע די אַרבייט אויפ'ן פעלד וועט פאָדערן זייער גאַנצע צייט. אַ בעזונדערן קלאַס בילדען 4 מיידלעך פון 15—16 יאָהר זיי לערנען אויך פיער שעה אין טאָג. אויסער דעם אַרבייטען די מיידלעך 4 שעה אין טאָג האַנדאַרבייט. לעהרער זענען פאַראַן צוויי אויסער מיר און איין לעהרערין. —

ביים טיילען די קינדער אין קלאַסען האָט מען די ערשטע צייט געמוזט קוקען

*) ערשט די טעג איז אָנגעקומען א נייע שילערין פון ירושלים וועלכע צאָהלט און וויל לערנען און ארבייטען אין „קרית ספר".

נור אויף די יאָהרען פֿון די קינדער און אויף זייער וואוקס. אין קענטשאַפֿט זענען יי אַלע געווען גלייך, קיינער האָט גאָר ניט געקענט. עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבען קיין אלף בית ניט געקענט. אין משך פֿונ׳ם יאָהר האָט מען געקענט צוקוקען זיך בעסער צו די קינדער און אַריינטראָגען איינינע פֿערענדערונגען אין דער ערשטען טיילונג. אין לערנען און ארבייטען האָט מען די הויפּטאויפֿמערקזאַמקייט אַוועקגעגעבען די עלטערע קינדער. זיי זענען אַלע כמעט דערוואַקסענע קינדער און לאַנג בלייבען אין שולע וועלען זיי ניט קענען. דעריבער אַרבייטען זיי און לערנען מעהר אַלס אַלע. די ערשטע הדשים אין שולע האָבען די קינדער איבערהויפּט ניט געקענט אפילו לערנען. זיי האָבען קיין שפּראַך נאָך ניט געהאַט און מע האָט געמוזט פֿריהער פֿון אַליך אויסלערנען זיי רײדען די שפּראַך פֿון שולע ד. ה. העברעאיש. אויסערדעם האָב איך געהאַט שוועריגקייטען וועגען לעהרער. די איצטיגע לעהרער זענען ערשט פֿון חדש תשרי. אין דער צייט האָבען שוין כמעט אַלע קינדער גערעדט העברעאיש און פֿון דאן אָן האָט זיך אָנגעהויבען דאָס רעגעלמעסיגע לערנען אין שולע.

פֿון יענער צייט דאָבען די קינדער פֿון העכערען קלאַס פֿאָלגענדעס אָבגעלערנט. פֿון תנ״ך: יהושע, שופטים, שמואל א׳. ספורי המקרא. פֿון ביאַליק, דעם ערשטען טייל און העלפֿט פֿון דעם צווייטען. דברי ימי ישראל (יודישע געשיכטע): פֿון דער ערשטער צייט ביז בר־כוכבא (נאָך בן־יהודה). אַלגעמיינע געשיכטע: די פֿעלקער פֿין אָריענט, גריעכענלאַנד און רוים (דברי ימי העמים מאת בלקינד). יודישע שפּראַך: לעזען, שרייבען, דקדוק (בית ספר עברי של גרזובסקי: חלק א׳, חלק ב׳, חלק ג׳). רעכנען: חבור, חסור, כפל וחלק, גאַנצע צאהלען, דעצימאַלען און בריכע מיט אויפֿגאַבען. געאָגראַפֿיע: אַלגעמיינע נאַטיצען אין ארץ ישראל (ראשית ידיעת כתיבת הארץ מאת בלקינד) נאַטורוויסענשאַפֿט, נאָך פולבר (תרגום גרזובסקי).

אין די אַנדערע קלאַסען האָט מען נאַטירליך וועניגער אָבגעלערנט נאָר אויך זעהר פֿיעל און איך רעכנען אַז עס וועט זיין גענוג דאָס וואָס איך האָב געשריעבען פֿון איין קלאַס.

שוין אַ האלב יאָהר אַז אין שולע הערט מען קיין אנדער שפּראַך אויסער העברעאיש! די קינדער צווישען זיך, ביים שפּיעלען, ביי דער אַרבייט, ביי טאָג און ביי נאַכט רעדען נור העברעאיש!

די אַרבייט. באַלד ווי מיר זענען אָנגעקומען אין ארץ ישראל האָב איך אָנגעהויבען זאָרגען, אַז די קינדער זאָלען אָנהויבען געוועהנען זיך צו דער אַרבייט. איך האָב געפֿונען איינינע לײדינע שטיקלעך לאַנד וועלכע די קאָלאָניסטען האָבען ערלויבט די קינדער זאָלען בעאַרבייטען. אין אַ פּאָר חדשים אַרום זענען שוין איינינע קאָלאָניסטען געקומען בעטען די קינדער זאָלען אַרבייטען אויף זייערע וויינגערטענער און דערמיט אַביסעל העלפֿען זיי. נור באַלד זענען מיר אַריבערגעגאַנגען אין שפיה. די ערשטע צייט האָבען מיר געהאַט וועניג אַרבייט. נור ביי דעם הויז וואו די קינדער שלאָפֿען האָט זיך געפֿונען אַ קליין שטיקעל פּלאַץ וועלכעס זיי האָבען אין אַ קורצער צייט בעאַרבייטעט און פֿאַרזייט מיט גרינס. אין דערצייט זענען אָנגעפֿאַלען אין אַ אָרט וועָרים אויף די וויינגערטנער פֿון די קאָלאָניסטען פֿון זכרון יעקב און שפיה און די קינדער פֿון קליין ביז גרויס האָבען כמעט צוויי וואָכען געאַרבייט צוזאַמען מיט

די קאָלאָניסטען פֿון גאַנץ פֿריה ביז שפּעט אין אָבענד אין די גערטנער און געהאָלפֿען אָבריינינגען זיי פֿון די ווערים.

אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען שניטצייט האָב איך געשיקט די קינדער צו די קאָלאָניסטען זעהען ווי מע שנייט מיט אַ מאַשינע און העלפֿען אָנלייגען אויף די וואַגענ׳ס. די קאָלאָניסטען האָבען גערן גענומען צו דער אַרבייט די קינדער און האָבען טאַקי פֿון זיי געהאַט פֿיעל נוצען; די קינדער האָבען אויך געהאָלפֿען ביים דרעשען און די קאָלאָניסטען האָבען גאַנץ גוט בעמערקט אז אויפֿ׳ן שייער האָט מען אין דעם יאָהר געזעהען פֿיעל וועניגער אַראַבער אַלס אַלע יאָהר און דערפֿון זענען געווען פֿיעל וועניגער גנבות.

נאָך דעם אַז דער קאָלאָניסט, וואָס האָט פֿיער העקטאַר (דעסיאַטינעס) לאַנד ביי דעם אונטערשטען הויז, האָט אָראָבגעשניטען זיינע גערשטען האָבען מיר ביי איהם אָבגעדינגען זיין לאַנד און געמאַכט דאָרט אַ גאָרטען פֿון גרינס. מיר האָבען דערצו בענוצט דאָס וואַסער פֿון קוואַל וועלכעס ווערט געוועהנליך פֿאַרפֿאַלען; צום סוף זומער ווען עס איז ביי אונז קיין רעגען ניטאָ אין אַלעס ווערט פֿאַרברענט פֿון זונן איז אונזער גאָרטען געווען ווי איין אָאַזיס אין מדבר. נאָך שטאַרקער איז געוואָרען אונזער אַרבייט אויפֿ׳ן גאָרטען אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען די רעגענצייט. נור ביי דעם גאָרטען אליין זענען מיר ניט געבליבען שטעהן. מיר האָבען אַרענדירט ביי אונזערע שכנים קאָלאָניסטען ביז צוואַנציג העקטאַר לאַנד פֿון פֿאַרשידענע סאָרטען: אַ ווייננאָרטען פֿון 5—6 העקטאַר וואו אונזערע קינדער האָבען געקענט לערנען פֿאַר-שידענע אַרבייטען: בעשניידען אַ ווייננאָרטען, מרכיב זיין, ארום געהען אַרום אַנדערע פּרוכטבוימער: אַפּעלסינען, באַנאַנען, מאַנדלען, אַבריקאָזען, און אַנדערע, אַ העקטאַר תות-בוימער, און די קינדער זענען גראַדע איצט בעשעפֿטיגט מיט ערציעהונג פֿון זייד וואָרם, עלף העקטאַר לאַנד וואו מיר האָבען פֿאַרזייט גערשטען און לינזען. אויפֿ׳ן גאָרטען איז ניט געבליבען קיין שטיקעל לאַנד וואָס די קינדער האָבען ניט בעאַרבייט און פֿאַרזייט מיט גרינס. דאס ערשטע רעזולטאַט דערפֿון איז אַז מיר עסען שוין גרינס פֿון אונזער אייגענעם גאָרטען. דער צווייטער און דער בעסטער רעזולטאַט בעשטעהט אָבער דאַרין וואָס די קינדער לערנען זיך אַרבייטען. איך קען זאָגען אַז זיי האָבען זיך שוין אויסגעלערנט אַרבייטען, זיי ליעבען די אַרבייט, זיי אינטערעסירען זיך מיט איהר און זיי חלומ׳ן צו זיין קאָלאָניסטען אין ארץ ישראל. צו בעווייזען ווי מע דאַרף אַרבייטען און ווי מע דאַרף לעבען ווי קאָלאָניסטען. דער וואָס האָט זיי געזעהען ביי דער אַרבייט, דער וואָס האָט זיי געהערט רעדען מכח זייער צוקונפֿט, מכח דער צו-קונפֿט פֿון ישראל אין ארץ ישראל, דער מוז מודה זיין אַז איך האָב בעשאַפֿען דאָס וואָס איך האָב געוואָלט בעשאַפֿען: אַ שולע וואָס זאָל האָבען אין זיך די בעסטע מעלות פֿון דער אַ מאָליגער יפו׳ער שולע אין דער שענסטער צייט פֿון איהר עקזיסטירען און די בעסטע מעלות פֿון מקוה ישראל, און דאָס אַלעס אין אַזאַ קורצער צייט, און דאָס אַלעס ביי זעהר שלעכטע אומשטענדען, ניט האָבענדיג קיינע אייגענע ערד, פֿון נאָהענט און פֿון ווייט אַרום גערינגעלט מיט שונאים און דערצו מיט אַזאַ מאַטעריאַל פֿון וועלכען עס זענען אַרויסגעגאַנגען מהלין און וויינשטיין! איך מוז מודה זיין אַז דאָס רעזולטאַט איז אַריבערגעגאַנגען אַלע מיינע האָפֿנונגען!

אונזער סטאָלארניע. צו אונזער אַרבייט געהערט אויך דיעזע בראַנזשע.

די שולע דאַרף האָבען אַ סך כלים און מעביל און אין קאָלאָניע געפֿינט זיך קיין סטאָלער (טישלער). דאַריבער האָב איך צוגענומען אַ שטענדיגען סטאָלער פֿאַר דער שולע. ער איז אַ גוטער בעל מלאכה און אַ משכיל און רעדט גוט העברעאיש. איך האָב איינגעפֿיהרט אַז יעדע וואָך אַרבייטען צוויי יונגלעך סטאָלעריי; מיט דעם מיין איך ניט אויסצובילדען בעלי־מלאכות. איך וויל נור אַז יעדעס קינד זאָל אַזוי פֿיעל קענען בעגעהן זיך מיט די אינסטרומענטען. אַז דאַן ווען ער וועט זיין אַ קאָלאָניסט זאָל ער ניט דאַרפֿען צו ליעב יעדער קלייניגקייט לויפֿען צו אַ בעל מלאכה; די זאַך געהט גאַנץ גוט. יעדעס יונגעל האָט זיך אַליין מיט זיינע אייגענע הענד, אונטער דער השגחה פֿון בעל מלאכה, געמאַכט אַ קליין קעסטיל וואו ער האַלט זיין פּריוואַט־אייגענטום; בריעף, פֿאָטאָגראַפֿישע בילדער און ד. ג. און די קעסטליך זענען ניט שלעכט געמאַכט!

ד אָ ס ע ס ע ן, ט ר י נ ק ע ן א ו ן ק ל י י ד ע ן. די קינדער עסען דריי מאָל אַ טאָג. צום פֿרישטיק בעקומען זיי לויט דער צייט נאָך מילך, קעז, זיתים חלוה און ברויט ווי פֿיעל זיי ווילען, ניט אויסגעטיילט. צוועלף אַ זייגער עסען זיי מיטאָג פֿון צוויי געריכטען: סופּ אָדער באָרשט און אַ קאַשע אָדער עטוואס איין אַנדער זאַך פֿון גרינס. אין אבענד עסען זיי אויך געקאָכטע זאַכען. נור שבת עסען זיי פֿלייש צוויי מאָל. דאָס עסען איז פֿריש, ריין און געזונד. טעע טרינקען זיי געוועהנליך ניט. נור ווען זיי עסען זיתים וואָס מאַכט דאָרשט, פֿאַרטרינקען זיי דאָס מיט טעע. ווען מ'וויל זעהען ווי דאָס עסען פֿון די קינדער איז דאַרף מען זיך צוקוקען ווי די קינדער זעהען אויס. און דאָס זאָל בעסער טהון די קאָמיסיע וועלכע דאַרף קומען. איך קען נור זאָגען אַז די קינדער זענען זעהר געזונד און שטאַרק. חול־המועד פסח האָבען די יונגע לייט אין ז כ ר ו ן י ע ק ב געשפּיעלט אויפֿ'ן פֿרייען פֿעלד, און איינער פֿון אונזערע קינדער, בן־ציון צדיק (סדיגורסקי) האָט גענומען דעם ערשטען פּרייז און לויפֿען... נאָך אַ בעסערער בעווייז פֿון דעם כח פֿון די קינדער איז אונזער שפּאַציער צו פֿוס אין ירושלים: צווישען די געהער זענען געווען קינדער פֿון צוועלף יאָהר און דאָך האָבען זיי זעהר לייכט איבערגעטראָגען דעם גאַנג. פֿון ירושלים און יפֿו 61 קילאָמעטער (וויארסט) זענען מיר נעגאַנגען א י י ן ט אָ ג און אַזוי גוט זענען מיר נעגאַנגען די איבריגע טהיילען פֿון וועג [1].

די קינדער טראָגען איין אוניפֿאָרם (מונדיר). פֿאַר פסח האָט מען יעדעס קינד אויפֿגענייט דריי קאסטומען. אַ בלויע העמדעל אויף אין מיטען וואָך און צום אַרבייטען. אַ קאסטיום אויף שבת און אַ קאסטיום אויף יום טוב. אויפֿ'ן קאָפּ טראָגען זיי געוועהנליך פּעסקעס. נור זומער ביי דער אַרבייט טראָגען זיי גרויסע שטרויענע היט. אַ חוץ דעם אויף צו געהן אין וועג האָט נאָך יעדעס יונגעל אַ ווייס טיכל, וועלכעס זיי טהון אָן אויפֿ'ן קאָפּ אַזוי ווי די בעדואינער און בינדען דאָס אַרום מיט אַ שוואַרצען שטריק. דאָס קען מען זעהען אויפֿ'ן בילד אין דיעזען העפֿט. שיך האָט יעדעס קינד צוויי פּאָר. אויף אַלע טאָג און אויף שבת. ווערען די וואָכענדיגע צעריסען אַזוי ווערען די שבת'דיגע וואָכענדיג און מען מאַכט זיי נייע אויף שבת. זומער האָבען די קינדער ליעב צו געהן באָרוועס!

---

*) דא מוז אַ טעות זיין. 61 קילאָמעטער קען מען אפילו אין צוויי טאָג ניט געהן. קינדער דאַרפֿען פֿאַר 61 קילאָמעטער ע ט ל י כ ע טאָג. די רעד.



די עלטערע תלמידים פֿון קרית־ספֿר מיט זייער משגיח ישראל בעלקינד, געהענדיג „צופֿוס דורך די קאלאניעס פֿון יהודה פֿון שפיה נאָך ירושלים.

מעדיצין. אין זכרון יעקב געפינט זיך אַ דאָקטאָר וועלכער נעמט צו אונזערע קראַנקע זעהר ליעבענסווירדיג און אָהן געלד. ביז איצט האָבען מיר ניט בעדאַרפט רופען איהם צו אונז. אונזערע קראַנקע געהען צום דאָקטאָר און אַ מאָל אפילו צו פוס. אין דער שולע האָבען מיר אַ קליין אַפטייקיל. אויף איהר גיט אַכטונג איינער פון די עלטערע קינדער און ער פיהרט די זאַך ריין און אַקוראַטנע ווי איין אמת׳ער אפטייקער. ביי אַזעלכע פעלע וואָס מ׳דאַרף קיין דאָקטאָר, ווי ביי׳ם אַרומנעהן אַרום קראַנקע, אַרומבינדען א וואונד, אַריינלאָזען טראָפען אין די אויגען, א.ד.ג. העלפען אונזער לעהרערין פריילין שושנה פיינבערג און איינער פון שפ״הר קאָלאָ־ניסטען.

ארדנונג פון טאג אין שולע. די קינדער שטעהען אויף גאַנץ פריה (ווינטער 6 אַ זייגער און זומער 5). טהוען זיך אָן, פאַרבעטין זייערע בעטען און געהן אַראָב הינטען צום קוואַל זיך וואַשען און געהן באַלד אין שולע און דאַווענען במנין. נאָכ׳ן דאַווענען פרישטיקען זיי. דער נאָך צוטיילען זיי זיך: איין טייל געהט אַרבייטען און דער אַנדערער געהט לערנען ביז צוועלף אַ זייגער. דאַן קומען זיך וויעדער אַלע צונויף. וואַשען זיך וויעדער, זומער באָדען זיי זיך אין דער גרויסער מקוה ביי׳ם קוואַל (דאָס וואַסער אין מקוה בייטין זיי צוויי מאָל אַ טאָג) און עסען מיטאָג. נאָך מיטאָג רוהען זיי אָב אַ שעה און דער נאָך צו טיילען זיי זיך וויעדער. די וועלכע האָבען געאַרבייט פאַר מיטאָג געהען איצט לערנען און די וועלכע האָבען געלערנט געהען אַרבייטען. די מיידלעך לערנען געוועהנליך פאַר מיטאָג. נאָך מיטאָג וואַשען זיי דאָס געפעס, מאַכען ריין אין צימער און דער נאָך געהען זיי נייען ביז אָבענד. דאַן קומען זיך וויעדער צוזאַמען אַלע קינדער, מ׳דאַווענט אָב מנחה און מעריב און דערנאָך עסט מען „וועטשער״ (אבענדברויט) נאָך דעם בלייבען די קינדער נאָך הינטען; מ׳שרייבט, מ׳מאַכט די לעקציעס, און ניין אַ זייגער געהט מען אַרויף שלאָפען. דאָס איז דער סדר פינף טאָג אין וואָך. פרייטאָג אַרבייט מען און לערנט מען נור ביז האַלבען טאָג. די מיידלעך הייבען אָן אין דער פריה ריינקען און וואשען און פוצען אַלעס לכבוד שבת. נאָך מיטאָג וואַשט די לעהרערין פיינבערג אַלע קינדער די קעפ מיט הייסע וואַסער און זייף. די גרעסערע קינדער וואַשען זיך אַליין אוים דעם גאַנצען קערפער און די קלענערע העלפט מען אין דעם אויך. אַ שעה פאַר נאַכט קלויב איך צוזאַמען אַלע קינדער און מאך מיט זיי די רעכנונג פון דער וואָך. איך האָב אָבגעדרוקט קליינע קאַרטליך מיט דער אויפשריפט: אות רצון. און יעדעס קינד וואָס האָט גוט געלערנט, גוט געאַרבייט און גוט זיך אויפגעפיהרט בעקומט אַ זעלכע אותות רצון. מ׳בעקומט געוועהנליך דריי: פאַר לערנען, פאַר אַרבייט און פאַר אויפיהרונג און ווער עס האָט געזינדיגט אין איינער פון די דריי זאכען בעקומט ניט דעם אות רצון. דאָס איז ביי די קינדער די גרעסטע שטראָף און די איינציגע שטראָפע וועלכע עקזיסטירט אין שולע; נור ניין! עס איז פאַראַן נאָך אַ שטראָפע און זי בעשטעהט אין דעם וואָס איך זאָג אַז איך וועל אַרויסשיקען פון שולע. נור דאס האַב איך מקיים געווען נאָר צוויי מאָל אין דער גאַנצער צייט.

אין אָבענד געהן אַלע קינדער דאַווענען אין שוהל פון דער קאָלאָניע. פון שוהל געהען זיי מיט אַ געזאַנג אַהיים. ביים עסען זינגען זיי די ליעדער וועלכע זיי האָבען זיך אויסגעלערנט. נאכ׳ן עסען זינגען זיי וויעדער און זינגענדיג ליעדער געהען זיי אַרויף

שלאָפֿען. שבת אין דער פֿריה גערן זיי ווידער אין שוהל; מיטאָג עסען זיי צוועלף אַ זייגער; פֿאַר מיטאָג און נאָך מיטאָג לייענען זיי ביכער וועלכע איינער פֿון די לעהרער גיט זיי אַרויס פֿון אונזער קליינער ביבליאטהעק; איינינע גערן שפּאַצירען אויף די בערג אַרום דער שולע, אַמאָל גערן אַלע מיט אַ מאָל שפּאַצירען אין איינעם פֿון די נאָהענטע ערטער אַרום דער שולע. שבת ביי טאָג מאַך איך פֿאַר די קינדער פֿאָרלעזונגען. איינער פֿון די לעהרער האָט איבערגעלייענט פֿאַר די קינדער דעם ספר „בוסתנאי“ (נאָך אין אָנהייב ווינטער), און ווענען יהודה הלוי. נור די גאַנצע אַרבייט האָב איך גענומען אויף מיר. עטליכע שבתים נאָך אַנאַנד האָב איך זיי דערציילט פֿון דער לאַנגע פֿון יודען אין אַלע לענדער פֿון דער וועלט. דערנאָך בין איך איבערגעגאַנגען צו דער אידעע פֿון תחית ישראל און ישוב ארץ ישראל. איך האָב ערצעהלט פֿון אַלע מענשען וואָס האָבען געאַרבייט און געווירקט פֿאַר ישוב ארץ ישראל, פֿון די וואָס האָבען אָבגעלעבט און פֿון די וואָס לעבען און אַרבייטען ביז יעצט, פֿון די ערשטע פּיאָניערען פֿון ישוב ארץ ישראל פֿון דער געשיכטע פֿון יעדער קאָלאָניע בעזונדער און נאָך אַנדערע זאַכען. חנוכה האָב איך זיי דערצעהלט וועגען די חשמונאים, צום יאָהרצייט פֿון רמב״ם וועגען איהם, חמשה עשר בשבט וועגען דיזעם יום טוב, פּורים וועגען פּורים, פּסח וועגען פּסח. אין דער לעצטער צייט אַז די קינדער האָבען אָנגעהויבען צו לעזען ביכער האָב איך איינגעפֿירט אַז די קינדער דערציילען פֿאַר זייערע חברים דאָס וואָס זיי האָבען געלעזען.

שבת צו נאַכט שרייבט מען געוויינליך בריעף. יעדעס קינד וועלכעס שרייבט זשאַרגאָן אָדער רוסיש האָט דאָס רעכט צו שיקען צוויי בריעף אַ חדש. דער וועלכער שרייבט לשון קדש מעג שרייבען וויפֿיעל ער וויל.

צענזור פֿון בריעף עקזיסטירט ניט.

דער גייסט פֿון די קינדער. אויסער לערנען און אַרבייטען האָט די שולע נאָך אַ וויכטיגעס ציעל ערציעהונג; ערציעהען די קינדער אין אַלע הינזיכטען אַלס מענשען און אַלס יודען. דיעזער טייל פֿון מיין אויפֿגאַבע איז געווען דער שווערסטער. די קינדער זענען געווען ניט ערצויגען, ניט אַלס מענשען ניט אַלס יודען, ווי מען זאָגט ניט צו גאָט ניט צו לייט. אונזערע געזינונגסגענאָסען אין וויען דאַרפֿען נאָך געדענקען וואָס דאָס איז געווען פֿאַר איין אָרדא. אויף ארץ ישראל יודען וועלכע האָבען זיי געזעהען צום ערשטען מאָל האָבען זיי אויך קיין בעסערן איינדרוק געמאַכט. געענוג איז צו זאָגען אַז אין טאַרנאָפּאָל וואו אונזערע געזינונגסגענאָסען האָבען אונז צוגענומען אויפֿ׳ן בעסטען אופֿן און די קינדער האָט קיין זאַך געפֿעהלט, האָט זיך מחלין מיט נאָך איינעם אָבגעגנבעט און זענען געגאַנגען בעטען נדבות איבער שטאָדט... שווער איז געווען די אַרבייט און ניט איין מאָל איז מיר דורכגעגאַנגען איין געדאַנק, אויב מיין גאַנצע אַרבייט איז ניט אומזיסט.

נור „אין לך דבר העומד בפני הרצון“ האָבען געזאָגט אונזערע חכמים און איך האָב אויך אויסגעפֿיהרט.

איך האָב קודם־כל אַרויסגעטריעבען פֿון דער שולע דעם געדאַנק פֿון „כשרע־יתומים און „ניט כשרע“, פֿון „יחסנים“ און „ניט יחסנים“. איך האָב איין מאָל פֿאַר אַלע ערקלערט אַז אין שולע זענען אַלע גלייך, אַז דער אמת׳ער יחוס בעשטעהט אין גוט אויפֿפֿיהרען זיך און גוט לערנען און אין גוט אַרבייטען. איך האָב זיי מיט איין

ווארט עֶרקלעֶרט, אַז זיי זעֶנעֶן ניט קישינוב׳עֶר יתומים נור תלמידים פֿון „קרית ספר".
איך האָב עֶרקלעֶרט, אַז די שולעֶ איז ניט אַ אַסטראָג וואו זיי מוזעֶן זיין, אַז ווער עֶס
וויל אין איהר ניט בלייבעֶן קעֶן רוהיג אַוועֶקפאָהרעֶן צוריק. די אַלעֶ ווערטעֶר האָבעֶן
געֶהאַט אַ ווירקונג ווייל איך האָב דאָס געֶזאָגט די קינדעֶר ניט איין מאָל, ביי יעֶדעֶר
געֶלעֶגעֶנהייט, ביי יעֶדעֶם פאַל. בעֶזאָנדעֶרס גוטעֶ רעֶזולטאטעֶן האָבעֶן זיך געֶנומעֶן ציי־
געֶן, אַז די קינדעֶר האָבעֶן עֶנדליך אַלעֶ אָנגעֶהויבעֶן רעֶדעֶן נור לשון קודש. מעֶן האָט
געקענט שוין מיט זיי אָנהויבעֶן לעֶרנעֶן תנ״ך, יודישעֶ און אַלגעֶמיינעֶ געֶשיכטעֶ. מעֶן
האָט געקענט אָנהויבעֶן מיט זיי די שבת׳דיגעֶ פאָרלעֶזונגעֶן, און יעֶדעֶס קאַפּיטעֶל תנ״ך
יעֶדעֶר פּרק פֿון געֶשיכטעֶ סיי יודישעֶר סיי אַלגעֶמיינעֶר, און נאָך מעֶהר יעֶדעֶר פאָר־
לעֶזונג האָט געֶפיהרט די קינדעֶר צום בעֶוואוסטזיין, האָט זיי עֶנטוויקעֶלט אינטעֶלעֶקטועֶל
און מאָראַליש. עֶנדליך איז דעֶר זשאַרגאָן געֶנצליך אַרויסגעֶטריעֶבעֶן געֶוואָרעֶן פֿון
שולעֶ און מיט דעֶם זעֶנעֶן אַרויסגעֶטריעֶבעֶן געֶוואָרעֶן די אַלעֶ שלעֶכטעֶ ווערטעֶר וועֶלכעֶ
זיי פלעֶגעֶן ליעֶב האָבעֶן צו זאָגעֶן איינער דעֶם אַנדעֶרן... אנשטאַט זשאַרגאָנישעֶ און
רוסישעֶ ליעֶדלעֶך מיט זעֶהר אַ פעֶרדעֶכטיגעֶן אינהאַלט האָבען זיי אָנגעהויבעֶן צו זינגעֶן
העֶברעֶאישעֶ ליעֶדעֶר, בעֶזאָנדעֶרס שירי ציון. פֿון ז כ ר ו ן י ע ק ב קומט אַ לעֶהרעֶר דריי
מאָל אין וואָך און לעֶרנט זיי זינגעֶן, די פעֶלדאַרבייט האָט אויך פיעֶל ביינעֶטראָגעֶן
צו זייעֶר עֶנטוויקעֶלונג. מיט אַ האַלב יאָהר צוריק איז איינעֶר פֿון די קינדעֶר געֶוואָרעֶן
„בר מצוה", דאָס איז גראַד אויסגעֶפאַלעֶן פרייטאג. ביים טיילעֶן פֿון די „אותות רצון"
האָב איך איהם עֶרקלעֶרט די בעֶדייטונג פֿון דעֶם טאָג פאַר איהם, איך האָב איהם
עֶרקלעֶרט זיינעֶ חובות צום פאָלק, צום לאַנד צו אונזעֶר שפּראַך און האָב איהם געֶ־
פרעֶגט אויב עֶר וויל מיר צוזאָגעֶן, אַז עֶר וועט עֶביג היטעֶן די חובות. עֶר האָט דאָס
מיר צוגעֶזאָגט און אַפילו געֶשוואָרעֶן. אויף מאָרגעֶן שבת האָב איך אין מיין פאָר־
לעֶזונג ערציילט זיי די געֶשיכטעֶ פֿון ח נ י ב ע ל וועלכעֶר האָט צו ניין יאָהר געֶשוואָ־
רעֶן אַז עֶר וועט קעמפּפֿעֶן געֶגעֶן די רומאים און האָט דעֶם גאַנצעֶן לעֶבעֶן געֶהיט די
שבועה. איך האָב דערנאָך געֶפרעֶגט די קינדעֶר ווער וויל נאָך געֶבעֶן די שבועה וועל־
כעֶ האָט געֶגעֶבעֶן דעֶר „בר מצוה". באַלד האָבעֶן זיך אַרויסגעֶרופֿעֶן פינף און צוואַנציג
עֶלטעֶרעֶ קינדעֶר און האָבעֶן איבעֶרגעֶזאָגט די זעֶלבעֶ שבועה. פֿון דעֶר צייט זעֶנעֶן
נאָך צוויי יונגלעֶך געֶוואָרעֶן „בר מצוה" און יעֶדעֶס מאָל גיט דעֶר „בר מצוה" די שבועה,
און די זעֶלבעֶ שבועה האָבען די עֶלטעֶרעֶ קינדעֶר איבעֶרגעֶחזרט ביים כ ו ת ל מ ע ר ב י
אין י ר ו ש ל י ם!

איך בין גאַניץ ווייט דעֶרפֿון, איך זאָל זיין איבעֶרצייגט אַז איך בין שוין מיט
די קינדעֶר פאַרטיג, אַז זיי וועלעֶן ווירקליך דעֶם גאַנצעֶן לעֶבעֶן זיין געֶבונדעֶן נור מיט
דעֶר שבועה. נור איך בין זיכעֶר אַז די קינדעֶר וועלעֶן זיין נאָך אַ צייט אין דעֶר
אַטמאָספעֶרעֶ אין וועלכעֶר זיי זעֶנעֶן יעֶצט. — אַז זיי וועֶלעֶן ווייטעֶר עֶנטוויקלעֶן זיך אין
דעֶם גייסט. אין דעֶם זעֶלבעֶן וועֶג ווי ביז יעֶצט וועֶלעֶן מיר ווירקליך האָבעֶן אַ גרויסעֶ
קאָלאָניסטעֶן וואָס וועֶט פֿאַלקאָמעֶן, פיזיש, מאָראַליש און אינטעֶלעֶקטועֶל עֶנטשפּרעֶ־
כעֶן אונזעֶרעֶ אידעֶאַלעֶן. מעֶן דאַרף ניט פאַרגעֶסעֶן אַז דעֶר דייטשעֶר לעֶהרעֶר האָט
געֶזינט ביי סעֶדאַן!

איך וויל גאָר ניט זאָגעֶן ווי די קינדעֶר זעֶנעֶן צוקאָכט געֶוואָרעֶן, ווי זיי זעֶנעֶן
עמפּעֶרט פֿון די ליעֶגעֶנס וואָס מעֶן עֶרציילט אויף דעֶר שולעֶ אין צייטונגעֶן. איך וויל

דאָס לאָזען דער קאָמיסיע. זיי האָבען געוואָלט שרייבען אַ פּראָטעסט אין צייטונגען נור איך האָב זיי אָבגעהאַלטען, ווייל איך וויים אַז די, וועלכע האָבען אויפגעהויבען דעם גאַנצען טומיל, וועלין זאָגען אַז איך האָב געהייסען שרייבען דעם פּראָטעסט... זאָל קומען בעסער די קאָמיסיע און זעהען!

מיט עטליכע וואָכען צוריק (פאַר פּורים) האָבען די עלטערע קינדער אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אַ צייטונג אין שולע. זיי האָבען אויסגעקליבען פון זיך פינף רעדאַקטאָרען וועלכע פיהרען די זאַך ניט שלעכט. זיי האָבען דאָס מיר געמאַכט אַ סיורפּריז ווען איך בין געוועזען אַ וואָך און יפו. און מיט דעם סיורפּריז האָבען זיי געוואָלט ביי מיר פּויעלען (און טאַקי געפּויעלט!) איך זאָל מיט זיי געהן אין ירושלים.

ד א ָ ס ל ע ב ע ן א י ן ש ו ל ע ב כ ל ל. די גענגער פון מיין פּראָיעקט צו גרינדען „קרית ספר" האָבען געטענה'ט, אַז אַ אינטערנאַט-שולע קען איבערהויפּט ניט עקזיס־טירען, ווייל די שולע קען ניט געבען דעם קינד דאָס וואָס עס האָט אין דערהיים. ניט דאָ איז דער ארט צו ענטפער'ן אויף אַלע פּונקטען. דאָ וויל איך נור זאָגען אַז די גאַנצע זאַך העננט אָב ו ו י מען גרינדעט אַזאַ שולע, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער מען ניט איהר פון דעם ערשטען טאָג אָן. די שולע „קרית ספר" טראָגט נור דעם נאָמען שולע, א י ן ד ע ר ו ו י ר ק ל י כ ק י י ט א י ז ד א ָ ס נ ו ר א ַ ג ר ו י ס ע פ א ַ מ י ל י ע. די בעציהונגען פון די וועלכע שטעהען אויף דער שפּיצע פון איהר צו די שילער זענען אַזעלכע אַזוי ווי פון עלטערן צו קינדער, פון עלטערע ברודער צו יונגערע. איך טהו אַלעס מעגליכע די קינדער זאָלען זיך פיהלען אין דער היים. די דיסציפּ־לינע אין שולע בעשטעהט ניט אויף שטראָפען און קאַזאַרמע נור אויף ליעבע און אויף דעם כבוד וואָס די קינדער גיבען זייערע פיהרער. שבתים און יום טוב'ים פאַר־ברענגען מיר צוזאַמען מיט די קינדער, מען געהט צוזאַמען שפּאַצירען, מען זינגט צו־זאַמען ליעדער אָדער מען פאַרברענגט אַזוי די צייט צוזאַמען. איך האָב שוין דערמאָנט אַז אַ לעהרער קומט פון זכרון יעקב וועלכער לערנט זיי זינגען נאָך נאָטען, די קינ־דער האָבען זעהר ליעב צו זינגען און זיי קענען עטליכע און דרייסיג ליעדער וועלכע זיי זינגען ביי יעדער געלעגענהייט. צווי פון די קינדער האָבען פידלען; זיי האָבען געקענט אַביסעל שפּיעלען, יעצט לערנען זיי דאָס ווייטער מיט דעם לעהרער וואָס קומט פון זכרון יעקב. יעדען יום טוב, יעדען געבורטסטאָג פון אַ קינד פייערט מען אין שולע צוזאַמען; מען פאַרברענגט צוזאַמען דעם אָבענד, מען עסט נאַשערייי (פון די פּרוכט פון לאַנד) מען זינגט און גאַנ'ץ אָפּט נעהם איך צונויף אַלע קינדער און געה מיט זיי אַרעדיל אונטער דער מוזיק פון אונזערע אייגענע שפּיעלער.

די קינדער צווישען זיך פיהלען זיך ווי ברידער און שוועסטער. עס קומט אויס אַ מאָל אַ קריעג צווישען צווי קינדער נור בשום אופן ניט מעהר ווי צווישען אמת'ע ברידער און שוועסטער.

און די קינדער האָבען ווירקליך ליעב די שולע און האַלטען מיך אין איין בעטען איך זאָל ערלויבען קומען אַהער זייערע יונגערע ברידער און שוועסטער.

ווער עס האָט געזעהען ווי עס געהט פאַר ביי אונז אַ שבת אָדער אַ יום טוב, ווי די קינדער מיט פרישע געזונד פרייליכע פנימ'ער אָנגעטהון אין ריינע קליידער זיצען אין ליכטיגען עס-צימער אַרום אַ גרויסען טיש און זינגען פרייליכע ליעדער — דער וועט גאַנ'ץ גוט פאַרשטעהן פאַר וואָס די קינדער בענקען ניט אַהיים צו זייערע

מאַמעס און פֿאַר וואָס די גרעסטע שטראָף איז אין שולע דאָס איינשרעקען, אַז איך וועל אַוועקשיקען אַהיים צוריק צו די מאַמעס; דער וועט גאַנץ גוט פֿאַרשטעהען ווי זוייט פֿון אמת איז דאָס וואָס אויף דעם יסוד פֿון בריעף פֿון צוויי אַרויסגעטריבענע יונגלעך האָט מען געשריעבען אין די צייטונגען.

---

איך האָב געגעבען אַ ריכטיגעס, אַ פֿאָטאָגראַפֿישעס בילד פֿון דער שולע און פֿון דעם לעבען אין איהר. יעצט פֿערלאַנג איך אַז עס זאָל קומען אַ קאָמיסיע און זאָל זעהען צו דאָס אַלעס איז ריכטיג, די קאָמיסיע דאַרף געשיקט ווערען פֿון די צייטונגען וועלכע זוכען דעם אמת. ווען זיי וועלען שיקען אַ קאָמיסיע וועט דאָס זיין אַ בעווייז אַז זיי זוכען דעם אמת. ווען ניט איז איינס פֿון די צוויי: אָדער זיי מוזען איבערדרוקען אַלעס וואָס איך שרייב מכח דער שולע. אָדער איך וועל מוזען ערקלערען פֿאַר דער גאַנצער וועלט אַז זיי האָבען פֿאַרשפרייט איבער מיר און איבער מיין שולע נראבע ליגענס און פֿערליימדונגען!

שפיה כ״ה ניסן א׳ תתל״ו לגלותנו. ישראל בלקינד.

# דער ציוניזם אין ארגענטינא.

---

## הקדמה.

„יעדע מלוכה פֿערמעגט אַ זעלכע יודען, ווי זי האָט פֿערדיענט״ — אַזוי האָט אַמאָל אַ קלוגער מענש אַרויסגערעדט אַ גלייכוואָרט און די וועלט האָט עס אָנגענומען פֿאַר אַ כלל.

מען קען ניט זאָגען, אַז דער דאָזיגער כלל זאָל אונז שאַפֿען פֿיעל כבוד און טרייסט — אָבער דאָס געהט דער וועלט אַמווייניגסטען אָן. עס קומט אויס, אַז מיר דיענען פֿאַר אַ מאָס, עפּיס ווי אַ מין באַראָמעטער פֿאַר דער וועלט: וויל מען וויסען דעם אינווייניגסטען גייסטיגען מצב פֿון וועלכען ס׳איז פֿאָלק, זאָל מען זיך צוקוקען צו דעם, ווי איז דער אויסווייניגסטער מעמד פֿון „זיינע יודען״.

פֿאַר אונז איז פֿיעל וויכטיגער צו האָבען אַ אייגענעם כלל, אַזאַ מאָס, מיט וועלכער מען זאָל זיך קענען בענוצען, ווען מען וויל וויסען בקרוב דעם גייסטיגען מצב פֿון עפּיס אַ יודישען קבוץ אונטער דעם שוץ פֿון אַ געוויסער מלוכה.

אַזאַ מאָס צו האָבען, כדי צו קענען זיך אַליין, איז אודאי פֿאַר אונז פֿיעל נייטיגער, ווי „זיי״, וואָס קענען זיך ע״פּ הדחק אויך בעגעהן אָהן אַ אייגענעם, היימישען באַראָמעטר, אין דער געשטאַלט פֿון „אויסגעמענשעלטע יודען״.

און ווען מיר זאָלען דעם זעלבען כלל איבערמאַכען אביסעל און אָנעהמען אַזאַ נוסח: — יעדער קבוץ יודען פערכאַגט „אַזעלכע ציוניסטען", ווי ער דאַט פערדיענט — וואָלט עס דוכט זיך געווען ניט אַזוי אַ גלייכוואָרט, ווי אַ אמת.

עס פערשטעהט זיך אַז אונטער דעם אויסדרוק „אַזעלכע ציוניסטען" דאַרף מען ניט פערשטעהן זייער אויסוויינינגסטע געשטאַלט, ווי די וועלט לערנט דעם פשט פון „אַזעלכע יודען". ניט דערמיט אַליין קען מען זיי שאַצען אויב זיי צאָהלען שקלים, קויפען אַקציען אָדער שענקען נדבות אויפ'ן נאַציאָנאַל־פונד, כדי זייערע נעמען זאָלען ווערען „וועלט־בעקאַנט"; דאָס אַלעס איז היינטיגע צייטען פונקט אַזאַ ראיה אַזוי ווי די אויסוויינינגסטע „מענשליכקייט" פון יודען אין בעוואוסטע מדינות איז אַ בעווייז, אַז דער גייסטיגער צושטאַנד אין יענע מדינות בכלל איז אַזוי שטאַרק געהויבען.

עס זענען אָבער דאָ אַנדערע סימנים, ווי אַזוי צו דערקענען „וועלכע ציוניסטען" עס געפינען זיך אין דעם אָדער יענעם קאַנט, צו וועלכען סאָרט זיי געהערען. (סאָרטען איז דאָך דאָ ווי שטערען אין הימעל) מען דאַרף זיך צוקוקען נעהענטער, ווי אַזוי זיי אַרבייטען, וועלכע מיטעל זיי בעניצען, וואָסערע השגות זיי האָבען וועגען דער גאַנצער זאַך — דאָס אַלס קען זיכער געבען אַ געוויסען בעגריף פון דער סביבה, אין וועלכער זיי געפינען זיך און לאָזען זיך זעהען און הערען.

פון דעם שטאַנדפונקט איז געוויס כדאי זיך צו בעקענען מיט די ציוניסטען און מיט די אופנים פון זייער טהעטיגקייט אין וועלכען לאַנד עס איז.

די בעקאַנטשאַפט מיט די אַרגענטינער ציוניסטען איז נאָך אָבער דאָפּעלט אינטערעסאַנט צוליעב אַ'נאַנדער טעם.

אַלעמען איז בעקאַנט ווי אַזוי און אין וועלכע אופנים עס האָט זיך אָנגעהויבען דער „ישוב אַרגענטינא"; וואָס פאַר אַ התלהבות ער האָט אַרויסגערופען אין זיין צייט ביי פערשיעדענע כלל־טהוער און וועג־ווייזער פון די שונאי־ציון.

עס איז פאַר זיי געווען ווי אַ געפונענע זאַך, פונקט צוגעפאַסט, גלייך ווי פון הימעל אַראָבגעפאַלען. זיי האָבען אָנגעהויבען פרעדיגען מיט היץ אַז פון ארגענטינא וועט אַרויסשפּראָצען אַ ישועה פאַר'ן כלל־ישראל, אויב ניט טאַקע די גאולה שלמה.

עס איז גאָר ניט איבערטריבען צו זאָגען, דאָס אין פיעלע הייסע אַרגענטי־ניסטען פון יענער צייט האָט נערעדט ניט אַזוי פיעל די ליעבע צו דער נייער מדינה, פון וועלכער זיי האָבען נאָך גאָר פרידער ניט געוואוסט און ניט געהערט אפילו, ווי די שנאה צו יענעם אַלטען לאַנד אין דעם וויסטען אָריענט (מזרח), וואָס רופט זיך ארץ־ישראל.

עס פערשטעהט זיך אַז איצט אין אונזער צייט ווען עס וואָלט אויפשטעהן נאָך אַ באַראָן הירש, וואָלט די זאַך געקענט געהן גאָר מיט אַ'נאַנדער וועג: די זעלבע בעלי־טובות וואָלטען געהאַט די מעגליכקייט צו רעדען אין'ם נאָהמען פון פאָלק, אַז זיי זענען עס טאַקע די אמת'ע, עכטע ציוניסטען, וואָס פערטיידיגען די פאָלקס־אינטערעסען!

און ראיות דרויף וואָלטען אודאי אויך ניט געפעהלט; דער ערשטער און שטאַרקסטער בעווייז וואָלט געקענט זיין דעם באַראָנס מיליאָנען, וואָס ער האָט מנדב געווען דוקא אויף אַרגענטינא.

און ווען מען וואָלט אַ ביסעל אַ קנייטש געטוהן דעם שטערן, וואָלט אפילו געקענט גילטען דער בעוויז פֿון אויטאנאמיע. אמת טאַקע דעם באַראָנס יורש'טע, די יק"א, האַלט ניט פֿון דער שיטה, אָבער דער באַראָן אַליין ז"ל האָט עפּיס דאַכט זיך אַזוי ווי יא געהאַלטען דערפֿון.

סיי ווי, ווען זיין פּלאַן, אַרויסצופֿיהרען אַלע יאָהר פֿון רוסלאַנד אין אַרגענטינא מינדעסטענס 50 טויזענד נפֿשות, וואָלט געקענט אויסגעפֿיהרט ווערען, וואָלט די אויטאָנאָמיע געקומען פֿון זיך אַליין, אין דוקא ניט בתנאי קידם למעשה, אויב יודען וועלען זיין גוט און פֿ"ום אין'ם משך פֿון 50 יאָהר, נור גאַנץ איינפֿאַך אויף דעם גרונד פֿון די אַרגענטינישע געזעצען, וואָס מאַכען ניט קיין אויסנאַם אפילו פֿאַר די איינגעוואַנדערטע פֿון די „מזרח־לענדער" (דאָס מיינט מען די בני־ישראל).

אָבער דאָס איז אַלס געריעדט געוואָרען איצט, ווען דער בעגריף „ציוניזם" איז געוואָרען אַזוי אונענדליך ברייט, דאָס עס לאָזט זיך אין איהם אנהענגען אַלס וואָס מען וויל. אין יענע צייטען אָבער, צוריק מיט אַיאָהר 14—15, זענען מיר נאָך געוועזען ווייט צוריקגעבליבען אין דעם פּרט, די בעני־יפֿען זענען געוועזען פֿיעל בעשרענקטער און מען האָט אַנדערש ניט פֿערשטאַנען ווי צו רופֿען ארגענטינא — ארגענטינא און ארץ־ישראל — ארץ ישראל, פּשוט, אָהן איבער־המצאות; מענשען זענען נאָך דאמאלס געוועזען אַזוי נאַאיוו, דאָס זיי האָבען עס געהאַלטען פֿאַר אַ דבר ידוע, און וועלכען עס קען גאָר קיין ספֿק ניט זיין; אַז חבת־ציון איז איין זאַך און חבת־אַרגענטינא — גאָר אַן אַנדערע; צווישעןביידע איז דאָ אַ וויטעניש כּרחוק מזרח ממערב און עס לייגט זיך גאָר ניט אויפֿ'ן שכל, מען זאָל דעם מרחק קענען אויף וועלכען אופן עס איז פֿערגלעטען און פֿע־שטעלען דורך קונציגע פּשט לאָך.

עס איז דרום פֿאַר אַלעמען געווען קלאָר מיט וועלכער דעה מען האָט זיך אַלאַז געטוהן פֿון אָנהייב־אָן קיין אַרגענטינא. מען שמועסט ניט, פֿערשטעהט זיך, פֿון די הונדערטער און טויזענדער המון־מענשען, פּשוטע ישראלים, וועלכע זענען געפֿאָהרען, ווייל מען האָט זיי געפֿיהרט אין מבטיח געווען זאַרגען פֿון זייערט־וועגען; די זענען דאָך נעבאך קיין אַנדער זאַך ניט אויסען געווען ווי די פּרנסה און זענען תמיד גרייט צום אויסוואַנדערען, ווען עס ווערט ענג ערגעץ, באין ברירה, גאָר אָהן אַ שום „מיין" און ניט קוקענדיג „ווייט".

צוזאַמען מיט זיי זענען אָבער אויך מיטגעפֿאָהרען אַלס פּיאָנערען, וועג אויס־טרעטער פֿאַר אַנדערע עטליכע צעהנדליג אידען־לייט, אַלערליי כהנ־סקי'ס, כהנ'אָווסקיס, כהנ'אָוויטשעס און סתם כהנ'ס, ד"ה: גאַנצע האַלבע און שטיקלאך אינטעלענענטען, וואָס זענען געפֿאָהרען מיט אַ שטיקעל „מיין" און מיט געוויסע פּלענער צו מאַכען אין ארגענטינא עפּעס ווי אַמין גן־עדן התחתון; די דאָזיגע זענען עס געווען, אמת ניט דער רוב מנין, אָבער דערפֿאַר דער רוב בנין פֿון דעם ישוב אַרגענטינא; זיי האָבען עס מיט זיך בעשיינט, בעלויכטען די בהלה־החתונה און זייער כונה איז געווען פֿאַר אַלעמען פֿערשטענדליך; דאָס זענען געווען טרייע און אָפּענע קעמפּפֿער געגען דער אוטאפּיע פֿון חבת ציון; דאָס האָט אפילו אַבלינדער געקענט אָנטאַפּען אין די אָפּטע בריעף זייערע, וואָס פֿלעגען זיך אין יענער צייט דרוקען אין אונזערע צוויי „אָרגאַנען", אין רוסיש און אין לשון הקודש, וואו עס פֿלעגען זיך שילדערען מיט ראָזע־פֿאַרבען די קינסטיגע בליהענדע קאָלאָניעס אין

דעם געבענשטען פֿרייען לאַנד. באַלד ווי זיי זענען אָנגעקומען, נאָך איידער זיי האָבען גענומען אין האַנד די „סאָכע“ און איידער זיי האָבען געזעהען די „מזל ברכה“, וואָס מ'קען פֿון איהר ערווארטען, האָבען זיי דאָך, פֿערשטעהט זיך, די ערשטע זאַך אָנגעגורט די לענדען און זיך גענומען בעשרייבען די גרינע פֿעלדער און בליעהענדע גערטנער, וואָס וועלען ווען עס איז זיין „אונזערע“.

ווער עס האָט אַשטיקעל זכרון, געדענקט געוויס יענע בריעף, וואָס זענען געווען פֿול מיט פֿרעהליכע בשורות און אַלערליי פֿאַקטען, ציפֿערן און קלאָרע חשבונות און פֿלעגען זיך ע״פ רוב ענדיגען מיט שענע לידלעך אַ שטייגער ווי: Знай работай, да не трусь! וכדומה.

פֿון דעם אַלעמען איז געווען פֿאַר יעדען קלאָר און דייטליך, אַז אין ארגענטינא איז לכתחילה געלעגט געוואָרען אַ יסוד פֿאַר „אַ פרינציפּעלען אַנטיציוניזם“, פראָסט יודיש גערעדט, עס איז פֿון אָנהייב אָן בעשאַפֿען געוואָרען אַ סביבה פֿון שונאי־ציון.

און צום סוף, אין אַזאַ קורצער צייט בערך — און וואָס פֿאַר אַ איבערקעהרעניש! ווי נשתומם איז מען געוואָרען ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז אין ארגענטינאַ זענען אויך דאָ ציוניסטען! און נאָך וואָסערע!

שוין צום צווייטען קאָנגרעס אין באַזעל האָט זיך געפֿונען איינער, וואָס האָט זיך מפקיר געווען לטובת הכלל, האָט די פֿיס געשלאָגען אַזאַ מרחק רב און איז געפֿאָהרען אַלס דעלעגאַט מיט אַ פֿאַרטיגען גאוניש'ען פלאַן, ווי אַזוי מען זאָל „אויסלייזען“ די ארגענטינער קאָלאָניסטען פֿון יק״א'ס „גלות“. ניט אומזיסט האָט מען זיך אויף די קאָנגרעסען גאָר געצאַצקעט מיט די ארגענטינער ציוניסטען, געשטעלט זיי פֿאַר אַ מוסטער. עס איז טאַקע אויסגעקומען אַ פֿיינע מליצה פֿאַר די רעדנער: פֿון די קאווקאַזער בערג ביז די ארגענטינישע קארדילערען האָט זיך די ציוניסטישע בעוועגונג פֿערשפרייט און וואָס אַ יאָהר איז אַלס די בעוועגונג אין ארגענטינא געוואָרען שטאַרקער און בריטער; אויפֿ'ן לעצטען, זעקסטען קאָנגרעס איז ווידער געווען אַ פֿאָרשטעהער פֿון די ארגענטינער ציוניסטען, וואָס האָט געהאַט מיט זיך אַ כתב אונטערשריבען פֿון הונדערטער שקל־צאהלער און געחתמעט מיט עטליכע חתימות פֿון ציוניסטישע חברות.

און גאָר אויף לעצט, פסח־צייט פֿון'ם יאָהר תרס״ד, האָבען אפילו די ציוניסטען אין בוענאָס־איירעס געמאַכט אַ איינענעם ציוניסטען־קאָנגרעס, אין וועלכען עס האָבען זיך בעטייליגט 48 דעלעגאַטען פֿון פֿערשידענע ציוניסטישע חברות און גרופען שקל צאהלער, און וועלכער האָט געדויערט גאַנצע דריי טעג מיט דעבאַטען, החלטות און וואַהלען פֿון אַ צענטראַל־קאָמיטע, בכל־מכל כל, פונקט ווי אויף אַ אמת'ן קאָנגרעס; פֿאַר די פרטים וועגען די דעבאטען, החלטות און וואהלען איז ניט דאָ אַ פלאַץ, זיי וועלען קומען שפּעטער; אָבער דער פֿאַקט אַליין, וואָס מען האָט אין ב״איירעס געקענט דערוויזען צו „מאַכען“ אַזאַ אויפֿטוה און עס אָנרופען „דער ערשטער ציוניסטען־קאָנגרעס אין אַרגענטינאַ“ איז שוין פיעל ווערטה.

וועגען דעם איז, פֿערשטעהט זיך, באַלד דורך דער „וועלט“ צופּויקט געוואָרען איבער דער גאַנצער וועלט און איצט, אין ניסן פֿון דעם יאָהר תרס״ה גרייטען זיך די ציוניסטען אין ב״איירעס צו מאַכען דעם „צווייטען ציוניסטען־קאָנגרעס אין ארגענטינאַ“.

וועלכער וועט נאָך וואהרשיינליך פּערשעמען דעם ערשטען. איז עס ניט עפּיס גאָר מעשה נסים?

דער שרייבער פון די דאָזיגע צייל‏ען, א גר ותושב אין אַרגענטינא, האָט געהאַט די זכיה צו זיין נאָהענט דערביי און זעהען מיט זיינע אויגען פון אָנהייב אָן, ווי אַזוי דאָס קערענדיל פון ציוניזם איז פּ ע ר ט ר אָ ג ע ן געוואָרען צופעליג אהער און ווי אַזוי עס האָט זיך צ ו ג ע נ ו מ ע ן אין דעם אַרגענטינישען „צו פּעטען" באָדען; ווי אַזוי עס זענען אַרויס פון דער ערד נור די ערשטע בלעטעלעך און דערנאָך געוואַקסען שנעל, נאָכאַנאַנד, אי זומער, אי ווינטער ביז עס איז אויסגעוואַקסען אַזאַ גרויסער בוים, וואָס פארנעהמט גאָר אַנ׳אויג פון ווייטען.

און אלס וואָס ער האָט געזעהען און געהערט וועט דערצעהלט ווערען כסדר אין די ווייטער׳דיגע קאַפּיטלען.

*　　*

*

נאָך עטליכע ווערטער — סיי ווי, איז די הקדמה אַרויס אביסעל צו לאַנג; איך בין זיך מודה ומתודה, אין דעם גופא איז געווען אַשטיקעל „מיין" פון מיר; איך האָב געוואָלט נעבען דעם לעזער אַ אַלגעמיינעם איבערבליק איבער דעם מצב פון׳ם ציוניזם אין ארגענטינא, איבערהויפּט אין דער ק ר ו י נ ש ט א ד ט, כדי ער זאָל זיין פּאָרבערייטעט, און זיך ניט איבעראַשען פון די פּרטים און דאַטען, וועלכע ער וועט געפינען אין דעם „גוף־הספר". —

און צוגעבען וויל איך נאָך פאָלגענדעס:

טראָץ דעם, וואָס די פּרטים און דאַטען וועלען קומען נאָך זייער ה י ס ט אָ ר י־ ש ע ן סדר, דאָך דאַרף מען געדענקען אַז אַ ריכטיגע האַראַקטעריסטיק פון מ ע ש י ם מוז אַרויסקומען אַביסעל „געשלאָגען" ווען עס פעהלט צו איהר די אַ ל ז י י ט י ג ע האַראַקטעריסטיק פון די פּערזאָנען, וואָס בעטייליגען זיך אין געוויסע מעשים; און אויף דער לעצטער איז נאָך ניט געקומען די צייט.

עס וועט מיר אויך געוויס פעהלען, איך פיהל עס, די נייטיגע קאַלטבלוטיגקייט אויף צו דערצעהלען רוהיג, מיט אַ קאַלטער נשמה וועגען אלס וואָס איז פּאָר־געקומען; צו שטאַרק איז נאָך דער רושם און די „געשיכטע" האַלט נאָך ניט ביי׳ם סוף, די עסקנים אַרבייטען נאָך אין זייער עסק ועוד ידם נטויה...

איך קען דרום פּרעטענדירען ניט מעהר ווי דרויף, אַז מיין בעשרייבונג איז כ מ ע ט ווי אַ ה י ס ט אָ ר י ש ע; איך קען אויך פערזיכערען דעם לעזער, אַז זי איז אַ ר י כ ט י ג ע בכל פּרטיה, ניכער איז אין איהר עטוואס נ י ט ד ע ר ז אָ ג ט ווי איבערטריבען. —

ווען עס איז, אַז עס וועט קומען די צייט און עס וועט זיך געפינען אַזאַ מענש, וועלכער וועט בעזיצען אלס וואָס נייטיג איז אויף צו מאַכען היסטאָרישע אויספאָרשונגען אין פאַלען זיגען — וועט ער זיך פיליכט קענען בענוצען אַביסעל מיט דעם מאַטעריאַל, וואָס ער וועט געפינען אין דער דאָזיגער בעשרייבונג.

דערווייל וועל איך צופרידען זיין, אויב מיר וועט געלינגען פאַרצושטעלען אַ קלאָר בילד פון דעם, וואָס אויף מיר איז אויסגעפאַלען דער גורל צו זעהען און

שילדערען — קענען זיך אַליין און ניט זיין געגאַרט איינער אין דעם צווייטען — דאָס איז דאָס נייטיגסטע, וואָס אונז פעהלט.

---

## א.

## די פאר־היסטארישע צייט.

## (1891—1896).

אין די ערשטע צוויי־דריי יאָהר באַלד ווי יודען האָבען זיך אָנגעהייבען בעזעצען אין ארגענטינא איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך גאָר קיין מעגליכקייט ניט געווען פאַר קיינעם זיך אָבגעבען מיט כלל־זאַכען; יעדער איינער איז צופיעל געווען פערנומען מיט זיין אייגענעם זינדיגען גוף און האָט זיך געמוזט אַריינטוהן מיט דער גאַנצער נשמה כדי צו בעזאָרגען זיך מיט אַ שטיקעל פרנסה.

אין די קאָלאָניעס, ווי עס איז בעקאַנט, האָבען זיך באַלד אָנגעהויבען סכסוכים צווישען קאָלאָניסטען מיט די פקידים, וואָס מען האָט געשטעלט איבער זיי (וואָס איז געלעגען אין דער ט ב ע פון דער אונטערנעהמונג, מחמת „אַגעמאַכטע זאַך", סיי אויפ'ן חשבון פון אַ יחיד און סיי אויפ'ן חשבון פון אַ כלל, מוז דאָך געפיהרט ווערען פון פקידים און וואו עס איז דאָ פקידים מוז זיין אונצופרידענהייט); פיעלע האָבען זיך באַלד פון דאָרט איבערגעפעקעלט אין שטאָדט, וואו עס איז אַלס געווען פאַר זיי ווילד פרעמד: די שפראַך, די זיטען, מנהגים און דער „סאָרט לעבען"; אויך פרנסות האָט מען געמוזט אָבזוכען עפּעס נ י י ע, צוגעפּאַסטע צו די אומשטענדען מחמת אין דעם געוועהנליכען מסחר וואָלט שווער געווען צו אויסהאַלטען די קאָנ־קורענץ מיט די אדוני־הארץ. דאָס אַלס האָט געפּאָדערט פון יעדען בעזונדער אַלע כחות, פיזישע און גייסטיגע. —

ערשט אויפ'ן דריטען יאָהר ווען אייניגע האָבען שוין ווי עס איז בעזאָרגט זייער קיום האָבען זיי געקענט פרייער אָטהעמען און זיך אַרומקוקען וואו זיי האַלטען אין דער וועלט. און דאַן האָט מען געמוזט אין אַלס אָנהייבען פון אַלף. פרומע יודען האָבען זיך גענומען איינפיהרען אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבען אַ שייכות צו עבודת־הבורא: מאַכען מנינים־לאַך אַלערליי אויף דאַוונען בצבור, האַטש שבת און יו"ט און ניט זשעדנע זיין אַ רעכטע עליה; זאָרגען פאַר בשר־כשר, אַמקוה וכדומה ענינים וואָס זענען נייטיג אין אַ יודישער קהלה. עס האָט זיך אין אַ קורצער צייט בערך געגרינדעט אַ האַלב צעהנדליג חברה לאַך: מחזיקי־אמונה, פועלי־צדק, חברה־קדישא, חברה־תהילים, חברה־תלמוד־תורה און מקוה־ישראל. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען די „קולטורעלע" אַרבייט פון איין זייט צווישען גאָטספאָרכטיגע יודען.

אין דער זעלבער צייט האָבען זיך אויפגערעדט אַ פאָר צעהנדלינג מענשען פון אַנ'אַנדער סאָרט, וואָס האַלטען זיך פאַר פריידענקער און האָבען געגרינדעט אַ קלוב מיט דעם נאָמען „נאַדעזשדאַ" מען דאַרף זיי אָבער ניט חושד זיין אַז זיי זענען דערמיט אויסען געווען חלילה עפּעס בייז, ווי אַ שטייגער: לעזען אַ מאָהל אַ צייטונג, אַ בוך, אָדער זיך דורכשמועסען צווישען זיך, בעראַטען וועגען אַזעלכע ענינים, וואָס האָבען אַ שייכות מיט דעם בעגריף פון „נאַדעזשדאַ", יודישע אָדער אפילו וועלט־ליכע; חלילה! דאָס האָבען זיי גאָר אפילו אין זינען ניט געהאַט! דער פּרעזידענט

פֿונ׳ם קלוב, אַ געוויסער אַדעסיט מיט׳ן נאָהמען ר——ט, האָט אפילו אַריינגעשטעלט אַהין אַ ביבליאָטעק פֿון רוסישע קלאַסיקער, וואָס האָט זיך ביי איהם פֿערוואַלגערט פֿון אַמאָליגע יאָהרען, אָבער די ביכער זענען געשטאַנען און געשימעלט, קיינער האָט אין זיי אפילו ניט אַ שמעק געטוהן. אין קלוב האָבען זיך די „מיטגלידער“ עוסק געווען ניט מעהר ווי מיט דער מצוה פֿון „מאַכען אַ פּאַרטיע“ אין פּרעפֿעראנס, סטוקאלקע, אָקאָ און דערגלייכען שכל׳דיגע שפּיעלען, וואָס זיי האָבען מיט געבראַכט פֿון „דער־היים“; אַ חוץ דעם איז געווען א חק אַלע זונטאָג געבען אַטאַנץ־אָווענד פֿאַר די פֿאַמיליען פֿון די מיטגלידער — דעם מנהג האָט מען שוין „גענאַשט“ פֿון די נייע בעלי־בתים, די אַרגענטינער, וועלכע זענען אין דעם מורא׳דיגע בריות און טאַנצען מיט מסירת־נפש. —

ניט מעהר ווי די צוויי, הויך־קולטורעלע אויפֿגאַבען האָבען עס געהאַט פֿאַר זיך די גרינדער פֿון „נאַדעזשדא“, צווישען וועלכע עס זענען געווען עטליכע, וואָס האָבען נאָך אפילו ניט רעכט אָבגעווישט די ליפּען פֿון דעם באַראָנ׳ס „אומזיסטע קעסט“, וואָס זיי האָבען זיך נעלאָזט וואָהל בעקומען אין די קאָלאָניעס. —

צווישען דיעזע צוויי אָבגעזונדערטע גרופּען האָט שפּעטער אַביסעל פֿערנומען אַ פּלאַץ אַ דריטע; עטליכע מענשען, וואָס זענען געווען אָנגעשמעקט אַביסעל מיט דער „דעמאָקראַטישער תורה“ פֿון די לאָנדאָנער און נעוו־יאָרקער יודישע בלעטער האָבען זיך מיישב געווען און געגרינדעט „אַ יודישען אַרבייטער־פֿעראיין“.

אויף די יסודות פֿון דער דאָזיגער תורה זענען געבויט געוואָרען די סטאַטוטען (התקנות) פֿון דעם פֿעראיין און עס איז אַריין געשטעלט געוואָרען אַ פּונקט, אַז רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע ענינים טאָרען אין פֿעראיין ניט דערמאַנט ווערען. איז דאָך אפילו אַקשיא מיניה וביה: פֿין וואָס וועגען רופֿט מען דעם אַרבייטער־פֿעראיין יודישער? איז מסתמא ניט געווען ווער עס זאָל פֿאַלען אויפֿ׳ן שכל און פֿרעגען, איז אַזוי געבליבען; עס איז אויך ניט געווען ווער ס׳זאָל דערמאַנען אַריינשטעלען דעם פּונקט אַז אַ מיטגליעד מוז זיין נור אַ׳ אַרבייטער וואָס לעבט פֿון יגיע־כפּו.

דאָס האָט מען גראָד פֿערזעהען און דרום אַז עס איז געקומען צו די וואַהלען פֿון אַ קאָמיטעט, זענען אַריינגעפֿאַלען אַהין אַרבייטער נאָר פֿון אַנ׳אַנדער סאָרט; אַזעלכע וואָס אַרבייטען אין גאַס אַרומלויפֿענדיג מבית לבית און אָבזעצענדיג סחורה, בחצי חנם, פֿערשטעהט זיך, אויף אויסצאהלען.

איבערהויפּט האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דעם דאָזיגען דעמאָקראַטישען עסק צוויי אחים קר——ש, וועלכע האָבען געשמ׳ט אין שטאָדט פֿאַר גרויסע קינסטלער, נאָר מזיקים אין דעם פֿאַך, וואָס קענען צושטעהן אפילו צו אַ שטיין און מאַכען פֿון איהם אַנ׳אָבאָנענט (דער וואָס פֿערשרייבט זיך אויף עפּעס אַ חפֿץ אויף אויסצאהלען ביסלעכווייז). דער זכות פֿון זייער בריה׳שקייט איז זיי טאַקע בייגעשטאַנען, דאָס זיי האָבען זיך אין אַ קורצער צייט אַליין אראָפּגעשלאָגען אויף אַ אייגען געשעפֿט פֿון כל המינים סחורה אויף אויסצאהלען במקח־השוה. ווי פֿיעלע אַנדערע אויפֿגעקומענע האָבען זיי באַלד געקריגען גרוים חשק זיך מיט עפּעס אַרויסשטעלען, ווערען שטיקלעך מאַכערס. קאָמיטעט־מענשען אָבער אַזוי ווי אַנדערע „מוסדי־צבור“ זענען שוין געווען פֿערנומען איז ביי זיי רעכט געווען דערווייל אויף אַ התחלה האַטש אינ׳ם דעמאָקראַטישען אַרבייטער־פֿעראיין פּרובען די כחות.

אין דעם זעלבען פעראיין האָט אויך אָנגעהויבען זיין פּאָליטישע קאַריערע אַלס סעקרעטאר אַ געוויסער ל—קי, וועלכער האָט דערנאָך אַרויסגעוויזען זעלטענע פעהיגקייטען אין דעם עסק פון סעקרעטערײ.

ביי אונז, וואו די גרינדונג און פיהרונג פון אַלערליי חברות און פעראיינען איז ניט אַרומגעשטעלט מיט קיין שום שוועריגקייטען, פּרובירען זיך בעזאָנדערס אַזעלכע נפשות, וואָס זענען עפּעס אַזוי ווי בעשאַפען געוואָרען אויף צו זיין סעקרעטאַרען, און ציהען דערפון חיונה. די שפע דערפון איז אפילו ניט זעהר גרויס אָבער דאָך אַ שטיקעל אָנשפּאַרונג, ע"פ הדחק קען מען „מאַכען אַלעבען".

און די דריי פּערשוינען — די צוויי אחים און דער סעקרעטער זענען עס געוואָרען די רעדעל־פיהרער אין דעם אַרבייטער־פעראיין אָבער ניט לאַנג האַבען זיי געהערשט: דער סוף איז געווען, אַז מען האָט זיי דאָרט דערקענט און זיי האָבען געמוזט אַרויס מיט בזיונות און אפילו מיט אשטיקעל סקאַנדאַל — דאָס אַלס האָט אָבער פּאַסירט ערשט שפּעטער.

אין דעם המשך פון דער בעשרייבונג וועט דער לעזער פערשטעהן דעם טעם, פאַר וואָס איך האָב דאָ זיך אָבגעשטעלט אַביסעל לענגער ביי די דאָזיגע דריי פּאַרשוינען און דערצעהלט איינִיגע דאַטען און פאַקטען וועגען זייער הנהגה — דאָס וועט מיר שפּעטער צונוץ קומען.

אין דער פּאַר־היסטאָרישער צייט אַלזאָ איז דער גייסטיגער צושטאַנד פון די דריי פערשיעדענע גרופען געווען אזא, דאָס פון חבת־ציון איז דער עולם געווען גאַנץ ווייט. און ווען עס האָבען זיך אפשר געפונען אַ פּאָר מענשען, וואָס זענען צופעליג פערשלאָגען געוואָרען אַהער און האָבען געהאַט עטוואָס אַנדערע השגות ווי די „הערשענדע" איבער עבודת־הכלל, האָבען זיי זיך טאַקע געמוזט בעהאַלטען מיט זייערע געדאַנקען בחדרי חדרים, ניט געטאָרט אַרויסהאַפען זיך חלילה מיט אַוואָרט— מען וואָלט אויף זיי מיט די פינגער געטייט.

אַ יודיש וואָרט האָט זעלטען ווער געקריגען צו זעהען און אויך ווענִיג געגאַרט צו הערען, ווען ניט ווען פלעגט אַריינפאַלען צו עמיצען אַ איינצעלנע נומער פון „הצפירה" אָדער „וואסחאד", איז דאָס עפּעס געווען ווי אַ ווידער־קול פון יענער וועלט, וואָס האָט דעם עולם גאָר ווינציג אינטערעסירט; און פון דעם איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעדען אַז די ידיעות פון ארץ־ישראל און די פירושים צו זיי, וואָס מען פלעגט אין יענע בלעטער געפינען האָבען ניט געהאַט בכח צו מאַכען נייע נפשות פאַר דעם ציוניסטישען רעיון אין אַזאַ מקום ווי אַרגענטינאַ. — —

און מיט אַמאָהל גאָר אונגעריכט ווערט פערעפענטליכט אין די אַלגעמיינע צייטונגען אַ טעלעגראַמע פון אייראָפּאַ מיט די ווערטער:

באזעל. היינט האָט זיך דאָ געעפענט דער אַזוי גערופענער ציוניסטישער קאָנגרעס אונטער דעם פּרעזידיום פון דעם בעקאַנטען ד"ר הערצל. 500 איזראַעליטישע דעלעגאַטען פון פערשיעדענע לענדער; טויזענדער זייטיגע צושויער.

עס איז אָנגענומען געוואָרען די החלטה צו גרינדען אַ יודישע מלוכה אין פּאַלעסטינא". —

וואָס פאַר אַרויש די אונערוואַרטעטע ידיעה האָט דאָ געמאַכט אויף אַלעמען איז שווער אַרויסצוגעבען. די אַלע, וואָס האָבען זיך אין יענער צייט געפונען נאָהענט

למקום המעשה, האָבען געלעזען אָדער געהערט פֿריהער אַז מען איז זיך מכין צו אַ קאָנגרעס און וואָס מען רעכענט מעהר אָדער ווייניגער פּאָרצולעגען א. ז. וו. — די קענען אַפילו ניט האָבען די קלענסטע השגה דער פֿון ווי גרויס איז געווען דער איינדרוק אויף דעם הינען קליינעם קבוץ יודען, וועלכע האָבען גאָר וועגען אַזעלכע זאַכען קיין מאָהל געחלומט. ווען מען וואָלט דערהערט פּלוצלינג, אַז דער ים איז אויסגעטריקענט געוואָרען און מען קען געהן צופֿוס אין איראָפּאַ אָדער אַנ׳אַדער דערגלייכען וואונדער, וואָלט דוכט זיך דער רושם ניט געווען שטאַרקער. מען האָט פּשוט ניט געגלויבט און געוואַרט אויף דעם אַנדער פֿריהמאָרגען, אפשר וועט אָנקומען נאָך אַטעלעגראַם, וואָס וועט אָבלייקענען די גאַנצע מעשה, ווי עס טרעפֿט אַמאָל.

אָבער אויף מאָרגען האָבען שוין די צייטונגען מעהר ניט געשריבען דערפֿון. אַז די איבעראַשונג פֿון דער ערשטער הייסער שעה איז איבער געגאַנגען האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אַרויסווייזען ווי אַזוי, אין וועלכער פֿאָרם די ווירקונג איז געווען אויף יעדען בעזונדער.

אויף פּשוט׳ע, האַלב און גאַנץ פֿרומע יודען איז דער רושם געווען פֿון שמחה, גלייך ווי מען זאָגט איינעם אָן, אַז ער האָט געמאַכט דעם „אָבטרעפֿער" אין לאַטעריע. עס האָבען זיך ערוועקט אין זיי אַלטע, טיעף אין האַרצען פֿערבאָרגענע האָפֿנונגען.

אויף אַנדערע ווידער האָט די ידיעה געמאַכט אַ איינדרוק פֿון שרעק, עס האָט זיי געקלאַפּט אַצאָהן אָן אַצאָהן, די קנעכלאַך האָבען אָנגעהויבען צו ציטערען פֿאַר מורא, וואָס זיי וועלען שוין גאָר די אויגען ניט קענען ווייזען פֿאַר לייטישע בעקאַנטע.

איינִגע פֿרייליכע נשמות פֿון די קלוב־לייט און הייסע חסידים פֿון דעם דעמאָקראַטישען אַרבייטער־פֿעראיין האָבען אַפילו געהאַט אין זיך מוטה צו וויצלען זיך און מאַכען חוזק פֿון דעם קינפֿטיגען יודישע, מלך, וואָס וועט טראָגען אַ שטריימעל און פֿון די מיניסטאָרען אין גאַרטלעך, וואָס וועלען זיצען אַרום טיש און... אָבער עס איז גאָר ניט נויטיג צו נאָכזאָגען די אַלע פֿוילע וויצען, וואָס מען הערט גאָר ניט זעלטען פֿון געוויסע עבדים שנשתחררו אין די פֿרייע און אַפילו ניט פֿרייע לענדער—

דער חידוש איז נור דאָ, ערשטענס, אין דעם וואָס אָט די זעלבע שענע יודען מיט גוי׳עשע השגות זענען עס דערנאָך געוואָרען אין ב׳־איירעס ציוניסטישע אַנפֿיהרער. ווען די היסטאָריע האָט זיך אָנגעהויבען און זיי האָבען איינגעזעהען אַז דער עסק לוינט, מחמת עס האַלט גאָר ניט דערביי צו פֿאָהרען אַהין אין אַזיען — מען קען זיך זיין גלאַט אַזוי ציוניסטען און אויף דעם השבון שפּיעלען זיך אין פּאָליטיק. צווייטענס איז געווען צו בעמערקען גלייך פֿון אָנהייב וואָס פֿאַר אַ בעגריף דער עולם האָט געקראָגען וועגען דעם גאַנצען ענין דאָ אין אַרגענטינאַ. אַלע צו זאַמען ווי די כלומרשט אָנהענגער אַזוי די געגנער; עפּעס גאָר קאַפּויר האָט מען עס פֿערשטאַנען, משונה׳דיג. קירץ — אַרגענטיניש.

פֿון דעם וואָרט „קאָנגרעס" (אסיפֿה וואָלט געווען עפּעס אַנדערש אָבער קאָנגרעס איז ווידער וואָס אַנדערש) און פֿון דער החלטה וואָס איז דאָרט אָנגענומען געוואָרען האָט מען געלערנט דעם פּשט. אַז עס איז שוין אַלעס פֿאַרטיג. דאָס איז ניט אַ בעוועגונג, וואָס פֿאָדערט פֿון יעדען בעזונדער און פֿון אַלעמען בכלל

אַהיבש ביסעל מיהע, נור אַ ניי סאָרט גליק, וואָס איז געקומען בהיסח הדעת אַ שטיי־
גער ווי דער באַראָן הירש... ניט פֿאַר אַ ציעל האָט מען עס אָנגענומען, צו וועלכען
מען דאַרף זיך ערשט שטרעבען און זיך עטוואָס לאָזען קאָסטען בחומר וברוח
יעדערער נאָך זיין ערך, נור ווי אַנייע סגולה צו פּרנסה, פֿון וועלכער מען קען שוין
געניסען, עס האַלט שוין ביי נעהמען.

דער חילוק איז נור געווען אין די דעות ביי פֿערשיעדענע גרופּען — די פֿער־
ברענטע שונאי־ציון האָבען סתם ניט געוואָלט מחמת מורא — דער וויסטער פֿאַנאַטיזם
וועט זיי דאָרט אינ'ם וויסטען אָריענט שטערען דער „פֿרייהייט". און די אנהענגער,
ע"פ רוב פשוט'ע יודען, האָבען די זאַך פֿערשטאַנען בתכלית הפשטות: מסתמא אַז
אפילו אויף די צייטונגען שרייבט מען וועגען אַ יודישער מלוכה, איז שוין אַלעס
בעוואָרנט; גרויסע לייט האָבען זיך אין דעם אַריינגעלייגט און געפּועלט. יעצט דאַרף
מען נור וואַרטען עטליכע וואָכען ביז עס וועט אָנקומען אַ פּאָסט פֿון אייראָפּא ווע־
לען מיר וויסען אַלע פּרטים, ווי וואָס און ווען; טאָמער דאַרף מען פֿאָהרען זענען
מיר גרייט. פֿון אונזער זייט איז קיין מניעה ניטאָ. אַזוי איז געווען די דעה וואָס האָט
געהערשט אין יענער צייט. וואָס מען האָט צו טהון דערביי בפועל האָט זיך קיינעם
ניט געחלומט אויפ'ן רעיון, מען האָט נאָך גאָר ניט געוואוסט מיט וואָס מען עסט עס.

נור איין מענש האָט זיך געפֿונען אין ב"איירעס, וואָס איז געפֿאַלען אויף אַ
שכל און געטראָפֿען וואָס ער האָט צו טהון; ער האָט אַרויסגעזעהען אַז עס איז
אַ עת־לעשות און טאַקע ניט איבער געלאָזען אַזאַ גוטע געלעגענהייט.

גערופֿען האָט מען דעם מענשען סאָן; דאָס איז דער אייגענער וואָס האָט
זיך דערנאָך קונה־שם געווען בשעה אחת; זיין נאָמען איז דערמאַנט אין דעם סטענאָ־
גראַפֿישען פּראָטאָקאָל פֿון דעם צווייטען ציוניסטען־קאָנגרעס, ביי וועלכען ער האָט
פֿיגורירט אַלס פֿאָרשטעהער פֿון אַרגענטינער ציוניסטען. געקומען איז ער אין אַרגענ־
טינאַ נאָך אין די פֿריערינע יאָהרען, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען די קאָלאָניזאַציע,
זיך בעזעצט אין בוענאָס־איירעס און זיך בעשעפֿטיגט מיט ווייגערמאַכעריי; אויף וועל־
כען גרונד ער האָט זיך אַליין געגעבען דעם טיטול קאָראָנעל (פּאָלקאָווניק) ווייסט
מען ניט, דאָס איז געווען זיין סעקרעט; ער איז בכלל געווען אַזעלטענער מענש פֿול
מיט סודות. געשטאַמט האָט ער פֿון רוסלאַנד. איז געווען ווי עס ווייזט אויס פֿון די אַלטע
משכילים און נאָך דערצו אַ גרויסער מושלם; עהדער ער האָט זיך פֿערשלאָגען אַהער
איז ער שוין אויסגעווען אומעדום, וואו די וועלט האָט אַ־נעק און האָט פֿערשטאַנען
פֿערשיעדענע שפּראַכען: רוסיש, דייטש ענגליש, פֿראַנצויזיש, שפּאַניש און אַפילו
העברעאיש אויך. דערצו האָט ער געקענט זעהר שען שרייבען אויף אַלערליי אופנים:
כתיב'עט, סופריש און רש"י־כתב און אויך עפּעס געקינסטעלט אויף אַזאַ אופֿן, אַז
מען זאָל עס דאַרפֿען לעזען געגען שפּיגעל. און מיט דיעזע אַלע מעלות און קענטע־
נישען זיינע האָט ער זיך שטאַרק ליעב געהאַט צו בעריהמען פֿאַר והעמען עס איז;
זיין זוכען תמיד אַרויסשטעלען זיך, מאַכען אויף יענעם אַ רושם ער זאָל נשתומם ווע־
רען איז דערנאָגען ביי איהם צו אמין לײדענשאַפֿט, אַ הולאת; און דרום האָבען איהם
בעקאַנטע ניט געקענט ליידען און ער האָט געלעבט כמעט איינזאַם.

פֿון אָנהייב, ביי דער ערשטער בעקאַנטשאַפֿט פֿלעגט ער מאַכען אויף אַ פֿריי־

שען מענשען א איינדרוק מיט זיין הדרת־פנים און אוננעוועהנליכע האלטונג. אָבער ווי מען פלעגט זיך אפאר מאהל צו הערען צו זיינע רעדע, האָט מען איהם געמוזט ווייכען.

ווען די קאלאניזאציע האָט זיך אָנגעהויבען, האָט ער זיך אַפּילו עפעס געהאַט אריינגעמישט פאר אשתדלן און דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזען זיין ספּק־דיגע פערזענליכע ארענטליכקייט. אָבער אין אַזעלכע זאַכען איז מען דאָך ניט שטארק מדקדק אפילו אין דער גאנצער וועלט און בפרט אין ארגענטינא.

און דער דאָזיגער אין פיעל הינזיכטען מאָדנער מענש איז עס געווען דער ערשטער וואָס האָט פערשטאַנען אַז גלאַט זיצען און ווארטען טויג ניט. מען מוז עפעס טהון. האָט ער טאַקע גענומען באלד אויף מאָרגען און זיך דורכגעגאַנגען איבער'ן שטאָדט צוזאַמענגענומען עטליכע פרוזאָס אויף צו שיקען אַטעלעגראַמע צו'ם קאָנגרעס, כדי מען זאָל דאָרט, הייסט עס, אין זינען האָבען אַז אין ארגענטינא געפינען זיך אויך יודען און טאָמער וואָס־ווען זאָל מען זיי ניט פערטיילען מיט א חלק. אין איינינע ערטער, וואו ער איז אריינגעקימען האָט מען איהם אפילו אָנגעקוקט פערוואונדערט: ווי קומט ער צו אַזעלכע זאַכען? דאָך איז איהם געלונגען צונויפקלויבען די נויטיגע סומע וויפיל די טעלעגראַמע האָט געדאַרפט קאָסטען נאָך מיט אַמותר. צו איהם איז אויך באַלד צוגעשטאַנען פאַר אשותף דער סעקרעטער פון אַרבייטער־פעראיין ל—קי, וועלכער האָט באלד מיט זיין חוש־הריח פערשטאַנען, אז דאָס איז אַזאַך, פון וועלכער עס קען מיט דער צייט ווערען אשטיקעל עסק — עס שמעקט מיט אַנייער סעקרעטערי.

האָבען זיי ביידע צוזאַמען געמאַכט דעם נוסח פון דער טעלעגראַם און ארויסגעשיקט, אונטערשריבען: „פאַר ארגענטינער יודען קאָראָנעל סאָן" און פאַ־טינ. —

אט דאס איז געווען דער ערשטער שריט בפועל, מיט וועלכען ארגענטינער יודענטהום האט גענעבען זיין הסכמה צום ציוניזם. פון דעם מאמענט אן וועט זיך ערשט אנהייבען די היסטאריע.

(פארטזעצונג קומט).

בוענאס־איירעס, ניסן תרס"ד. בן־יוסף.

---

# דער ציוניזם און די רוסישע פּריוהייטס בעוועגונג.

## I.

די לעצטע צייט הערען מיר זעהר אָפט אין אונזער לאַגע טרויעריגע „קינות" וועגען דעם „קריזיס" אין דער ציוניסטישער בעוועגונג. נור ביז איצט האט מען זעהר איינזייטיג ערקלערט די סבות פון דעם קריזיס. מען האָט אין איהם געזעהען נור אינעווענינסטע סבות: די צושפּאַלטונג פון אונזער ארגאניזאציע אויף צוויי פיינדליכע מחנות: פּאַלעסטינישע ציוניסטען און טעריטאריאליסטען. מיר האָבען אונז אָבער זעהר וועניג רעכענשאַפט אבגעגעבען וועגען דער אויסעוועניגסטער סכנה, וואָס שטעהט פאַר אונזער בעוועגונג, וועלכע קען ניט נור אונזער פּאַרטיי צו־שפּאַלטען אויף איינצעלנע טיילען, נור אויך אָנמאַכען א פאַלשטענדיגען חורבן פון

אַלע אונזערע כוחות. איך מיין ביי דעם בענעהמען זיך פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי צו די ברענענדיגע פראַגען פון דער רוסישער פרייהייטס בעוועגונג.

די „שטורם־און דראַנג־פּעריאָדע", וואָס איז ערשט מיט אַזאַ געוואלט אַריינגעדרונגען אין דעם רוסישען געזעלשאַפטליכען לעבען האָט אונז, ציוניסטען, געטראָפען לחלוטין ניט פּאָרבערייט און ניט פעהיג צו געבען אויף די אַלע לעבענס־פראַגען אַ קלאָרע ציוניסטישע תשובה. ס'האָט נאָך קיין מאָל ניט געהערשט אַזאַ תהו ובהו אין אונזער בעוועגונג, ווי גראָד ערשט, און דעם וויכטיגען היסטאָרישען מאָמענט, ווען יעדע אונענטשלאָסענהייט און שוואַכקייט קען ווערען אַ משפט מות פאַר גאַנצע פּאַרטייען. פאַר אונזערע אויגען געהען דורך מיט אַ שרעקליכער, גרויזאַמע קראַפט מערקווירדיגע פאַקטען; עס וועבען זיך די פעדעם פון אַ נייעם געזעלשאַפטליכען לעבען: עס קעמפּפען אויף טויט און אויף לעבען די פינסטערע כוחות מוט די ערשטע שטראַלען פון אַ פריהלינגס'זון; אין די גאַסען פאַלען טויזענטער קרבנות אויפ'ן מזבח פון דער אַלטער און אייביג נייער מלחמה; ביז צום דערשטיקט ווערען באָדט מען זיך אין טייכען בלוט, — און ביי דעם אַלעמען בלאָנדזעט אַרום די ציוניסטישע פּאַרטיי, ווי אַ שאָטען, און אויף דער שוועל פון דער נייער היסטאָרישער עפּאָכע קען זי געבען נור איין „תשובה": אַ גרויסען פראַגע־צייכען.

און דער אַלגעמיינער שטראָם ציהט אַריין אין זיך ווי אַ קליינעס טייכעלע אויך די יודישע אינטערעסען. ס'פערשטעהט זיך, אַז גרינדליכע רעגיערונגס־רעפאָרמען, פאַר וועלכע די בעסערע עלעמענטען האַלטען ערשט מלחמה, מוזען אויך בעריהרען די אַלטע „וואונד" — די „יודען־פראַגע"; עס הייבט אן צו פּלאַטצען די אַלטע, פערבלוטיגטע חינעזישע וואַנד; פון די שפּאַרינעס הויבען אָן אַרויסצוקוקען ליעבע, הנו'דיגע פּנימ'ער, אויף וועלכע מיר האָבען אַזוי לאַנג מיט האַרצוועהטאָג געוואַרט, און פּלוצלונג טרייסעלט אונז ווידער אויף אַ נייער דונער, און אין נייע טייכען פון יודישען בלוט סטאַרעט זיך די פינסטערקייט צו דערטרינקען די פרייהייטס־בעוועגונג.

ווי זשע בענעהמט זיך צו דעם אַלעמען די איינציגע נאַציאָנאַל יודישע אָרגאַניזאַציע?

די זיעבעניאהריגע פאַלשע, איבערפלעכליכע שולע, אין וועלכער אונזער פּאַרטיי איז ערצויגען געוואָרען, האָט אַרויפגעלעגט איהר קנעכטישען שטעמפּעל אויף אַלע אונזערע מעשים: די גרויסע ציוניסטישע מאַסע, וועלכע איז מיט דער ציוניסטישער זועלט אַנשויאונג געבונדען נור דורכ'ן שקל, וועלכע איז פון אָנהויב אָן ערצויגען געוואָרען אין דעם גייסט פון פּאַסיווער פּאָליטיק, וועלכע מען האָט שטענדיג איינגערעדט, אַז זי דאַרף נור ליעפערן די מיטלען און די רעשט וועלען שוין איהרע פיהרער אַליין פאַר איהר בעזאָרגען, — די מאַסע איז ערשט אויך געבליעבען פּאַסיוו: ניט קאַלט און ניט וואַרעם. ווי גלייכגילטיגע צושויער קוקען זיי זיך צו די בלוטיגע פאָרבערייטונגען צו אַ נייעם לעבען און אין דעם הייסען און שווערען קאַמפף נעהמען זיי קיין אַנטייל ניט. העכסטענס נעהמען זיי זיך אַ מאָל דעם מוטה אונטערצושרייבען אַ קינדיש־נאַיווע פּעטיציע.

ניט פרעהליכער, אין דעם ציוניסטישען זינן, זעהט עס אויס אין דער ענטגעגענגעזעצטער זייט: צווישען די פּראָגרעסיווע ראַדיקאַלע עלעמענטען פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי. מיר בעמערקען ערשט דעם טרויעריגען פאַקט פון דיפּוויאָן,

(פֿערמישונג)‚ צווישען די ראַדיקאַלע עלעמענטען פֿון דער ציוניסטישער פּאַרטיי און דער יודישער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די גרענצען פֿון די צוויי פֿערשיעדענע וועלט־אַנשויאונגען ווערען ערשט מטושטש, די נייע שטראָמען האָבען אָבגעוואַשען די פּרינציפּעלע שנויים, און אַ סך גוטע, געזונטע ציוניסטישע כוחות געהען ערשט אַריבער אין אַ פּ־עמדען לאַגער, וועלכער וואַקסט אויס אויף אונזער חורבן.

דער פּראָצעס פֿון פֿוזיאָן קומט פֿאַר אויך אין דעם לאַגער פֿון דער ציוניסטישער ליבעראַלער אינטעליגענץ. צו שוואַך, זעהט אויס, זענען געווען די פֿיילער, אויף וועלכע זייער ציוניזם האָט זיך געשטיצט. דער נייער „פֿריהלינגס“־ווינד האָט זיי אַוועקגעטראָגען ווייט ווייט, און פֿון זייער ציוניסטישער אַנשויאונג איז זיי געבליעבען נור דאָס נאַיווע פֿערלאַנגען: דורכצופֿיהרען זייער „נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט דאָ אין גלות.

און ווער ווייסט, וויפֿיעל פֿון אונזערע „פֿערצווייפֿלונגס־ציוניסטען“, וואָס נור דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיי געשטויסען אין אונזער לאַגער, וועלען איצט וויעדער פֿון אונז אַוועקגעהען, צונעצוינגען ווי מיט אַ מאַגנעט פֿון אַ ליעבליכען, פֿריינדליכען אַרטיקעל ווענען „נאַציאָנאַלע זעלבסט בעשטימונג“ אין Сынъ отечество — מיט אַ פֿערשעמטען שמייכעלע אויף די ליפּען און מיט בקשת־סליחה; וואָס זיי האָבען געצווייפֿעלט אין דער פֿיינקייט פֿון דער רוסישער ליבעראַלער פּאַרטיי.

ס'פֿערשטעהט זיך, אַז זעהר ווייניג וועלען מיר די לעצטע קאַטעגאָריע, הלואי, וואָלטען זיי צו אונז גאָר ניט קומען! נור די טרויעריגע ערשיינונג פֿון די פֿוזיאָן פֿון איין זייט און גלייכגילטיגקייט פֿון אַנדערען זייט — ברענגען אונז אַרויף אויף אומעטיגע מחשבות.

מיר שטעהען איצט פֿאַר אַ געוואַלדיגער סכנה, וועלכע קען ביי אונזער פּאַרטיי אַוועקנעהמען אויף אַ לאַנגע צייט איהר גאַנצע לעבענסקראַפֿט, רויבען איהרע בעסטע כוחות און ברענגען צו אַ אמת'ן חורבן. און כל זמן די ציוניסטישע פּאַרטיי וועט ניט קלאָר מאַכען איהר פֿערהעלטניס צו די ברענענדיגע לעבענס־פֿראַגען אין רוסלאַנד, איז טאַקי אונמעגליך אין איהרע גרענצען צו בלייבען, און ס'וועט איהר אונמעגליך זיין איין צו האַלטען איהר פּאָזיציע אַלס טהאטקרעפֿטיגע, דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין דעם יודענטום.

ס'איז פֿאַר אונז גאָר קיין שאלה ניט, צו מוז די פּאַרטיי געבען אַ תשובה אויף די צייט פֿראַגע, און צו געהט דאָס אַריין אין איהר פּראָגראַם. דאָס לעבען איז שטאַרקער פֿון די בעסטע פֿאָלקאָמענסטע פּראָגראַמען. נור דאַמאַלס ווייזט זיך אויס אַ פּראָגראַם פֿאַר גוט און צוועקמעסיג ווען עס געהט דורך — דורך דער פֿייער־פּראָבע פֿון דעם ווירקליכען לעבען און ווערט ניט פֿערברענט, נור געהאַרטעוועט. ס'איז ניטאָ איין ציוניסט אין רוסלאַנד, וועלכען די רוסישע פֿרייהייטס־בעוועגונג זאָל ניט לעבעדיג בעריהרען און ס'וואָלט דאריבער געוועזען ניט עהרליך, ניט אָפֿען און ניט מוטיג ווען די פּאַרטיי זאָל ניט שאַרף און קלאָר פֿעסטשטעלען איהר פֿערהעלטעניס צו דעם, וואָס איז ערשט די גרונדע פֿראַגע פֿאַר'ן רוסישען יודענטום און אויך פֿאַר'ן ציוניזם.

איך האָב דאָ בדעה פֿאָרצושלאָגען דעם 7־טען קאָנגרעס אנצונעהמען אַ בעשטימטען בעשלוס אין דער פֿראַגע. נור צו אַלערערשט מוז איך מוסר מודעה זיין

אַז נישט צוליעב טאַקטישע צוועקען פֿאָרדערען מיר, ציוניסטען, אַ פֿעסטען בעַ־שלום, ניט צוליעב דעם וואָס מיר ווילען יוצא זיין און מיר האָבען מורא צו פֿערליערען אונזער איינפֿלוס אויף די יודישע מאַסען, — אונז טרייבט אַ אינעווענינ־סטע, טיעפֿע קראַפֿט; די איבערצייגונג, אַז פֿון דער גרונד־לאַגע פֿון דעם ציוניס־טישען פּראָגראַם גערהט אַרויס אַלס נויטווענדיגע תולדה, אַלס „קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו" די פֿאָרדערונג אַז אונזער פּאַרטיי מוז אַ תשובה געבען אויף אַזאַ פֿראַגע.

---

## II.

צו מוז די ציוניסטישע פּאַרטיי ערקלערען איהר פֿערהעלטניס צו דער פֿריי־הייטס־בעווענונג אין רוסלאַנד, אָדער ריכטיגער „שטעלונג נעהמען" צו דער בעווענונג?

— דאָס איז, ווי איך האָב בעמערקט, גאָר קיין פֿראַגע ניט. ציוניסטען, אַלס יודען, ווערען, ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג, אַריין געצויגען אין דעם קאַמפּף. וואָס קומט פֿאַר אַרום זיי, מיט זיי (צ. ב. ביי פּאָגראָמען, ווען זיי דיענען אַלס לעש־מאַטעריאַל) אַ מאָל אויך צוליעב זיי. קיין שום תשובה ניט צו געבען, קיינע שטעלונג אַנצונעהמען איז פּאַקטיש אונמעגליך, אַזוי ווי ס'איז אונמעגליך ניט צו רעאַגירען אויף אַנדערע לעבענס־פֿראַגען. די פֿרייהייטס־בעווענונג האָט שוין אויפֿגעהערט צו זיין אַ פּאַרטיי־קאַמפּף, ערשט איז געוואָרען אַ קאַמפּף אויף טויד און אויף לעבען פֿון צוויי עלעמענטען. זי איז שוין ערשט ניט נור אַ פּאָלי־טישע, נור אויך אַ געזעלשאַפֿטליכע בעווענונג. מיר דאַרפֿען גאָר ניט זוכען קיין הכשר אין דעם פּונקט וועגען „געגענוואַרטס־אַרבייט" אין אונזער פּראָגראַם. וואָלט דער פּונקט ניט געווען, וואָלט מען איהם ערשט געמוסט איינפֿיהרען. דאָס לעבען וואָלט איהם איינגעפֿיהרט, ניט קוקענדיג אויף פֿערשיעדענע קאַבינעט־טהעאָריען. אַ גאַנצעם פֿאָלק קען זיך ניט פֿערפֿיהרען מיט „התפשטית־הגשמיות" און אַבסטראַקטע טעאָריען. די טעאָריען רעגולירען נור דאָס ווירקליכע לעבען, זיי געבען איהם אַ בעשטימטע ריכטונג, זיי קענען אָבער ניט דיענען אַלס זיין סוראָגאַט.

וואָס פֿאַר אַ שטעלונג מוז די ציוניסטישע פּאַרטיי אַנעהמען בנוגע צו דער פֿרייהייטס־בעווענונג?

די תשובה וועט אונז זיין פֿאָלשטענדיג קלאָר, אויב מיר וועלען האַנדלען ווי רעאַל פּאָליטיקער, וואָס האַלטען שטענדיג אין אויג דעם נוטצען פֿון דער גאַנצער בעווענונג און איהרע בעזונדערע עלעמענטען.

ס'איז ניטאָ קיין איינציגער ציוניסט, וועלכער זאָל צווייפֿלען, אַז פֿון דעם איצ־טיגען ביוראָקראַטישען צושטאַנד קענען מיר יודען גאָר קיין פֿערענדערונגען צום גוטען ניט ערוואַרטען. ס'איז אפילו ניט נויטיג אויפֿצוועקען די פֿרישע, בלוטיגע וואונדען פֿון דער לעצטער צייט, כדי דאָס צו בעווייזען, פֿערקעהרט אָבער. יעדער ווייס גאַנץ גוט, אַז אויב די איבערהאַנד וועט אין רוסלאַנד געלונגען די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, וועט די לאַגע פֿון די יודען מוזען בעסער ווערען. די גרונדלאַגע פֿון אַ רעגיערונג מיט פֿאָלקס־פֿערטרעטער איז „גלייכעס רעכט פֿאַר אַלע". אַלזאָ אפילו ניט צוליעב ליעבע צו דעם יודען, נור גלאַט צוליעב קאָנסעקווענץ, צוליעב דעם לאָגישען

געטריי־בלייבען צו די פרינציפען פון דער שטאאטס־פערוואלטונג און גערעכטיגקייט מוזען שוין לכתחילה אבגעשאפען ווערען אלערליי בעגרענצונגען פאר וועמען ס'איז. די ביישפיעלען פון די אלע מלוכות אין מערב־אייראפא לערנען אונז, אז אומעטום וועו נור די אלטע, אויטאקראטישע פארמען האבען זיך געביטען און דאס געזעלשאפטליכע לעבען האט זיך געגרינדעט אויף נייע פאליטישע פארמען, איז די לאגע פון די יודען באלד א סך געענדערט געווארען צום גוטען. די לאגיק פון די רע־פארמען, די גרונדלאגע פון עלעמענטארער גערעכטיגקייט — זיי דוקטירען איין משפט פאר אלעמען, אהן שום אויסנאהמען.

און אין די ערשטע יאהרען נאך דער ענדערונג, אין די „פליטער־וואכען", האלט זיך די לאגיק ניט נור אויפ'ן פאפיער, נור זי ווערט אויך דורכגעפיהרט אין לעבען. מיר, ציוניסטען, קוקען אויף די אלע עמאנציפאציאנס־אקטען און „פרייהייטס מתנות" מיט אפענע אויגען. מיר נארען זיך ניט, אז באלד ווי עס פערשווינדט דער געזעצ־ליכער אנטיסעמיטיזם, ווערען שוין פערשוואונדען אלע אנדערע סבות, וואס מאכען דעם יודישען לעבען אונערטרעגליך. מיר ווייסען גאנץ גוט, אז דער געזעלשאפטליכער אנטיסעמיטיזם וועט קיין מאל ניט אויפהערען. פערקעהרט, וואס בעסער עס ווערט די געזעלשאפטליכע לאגע פון די יודען, וואס נעזינטער זייער עקאנאמישע לאגע,— אלץ גרעסער ווערט דער געזעלשאפטליכער אנטיסעמיטיזם. וואס האט דאמאלס א אנדערע שענע מאסקע, צו צודעקען זיין מנוולדיגע כונה.— נור פון דער אנדערער זייט אבער קענען מיר ניט אבלייקענען דעם פאקט, אז דורך דעם אבשאפען פון געזעצליכע בעגרענצונגען ווערען אויף א בעשטימטע צייט פאקטיש אראבגענומען די סבות וועלכע שטערען די עלעמענטארע ענטוויקלונג פון דעם יודען, אלס מענשען. לאמיר זיך פארשטעלען, אז עס עקסיסטירט ניט מעהר די בעגרענצונג פון דעם „תחום המושב" (Черта осѣдлости). מען דאר'ף גאר ניט קיינע בעווייזען דאצו, אז דאמיט ווערט פון די יודען אראבגענומען די שווערע מצבה, אונטער וועלכער זיי ווערען בעגראבען לעבעדיגערהייט; זיי הערען וועניגסטענס אויף מיט געוואלד געשטויסען צו ווערען אין דעם אבגרונד פון מאסען פערארמונג און דלות.

אויף דער ערשטער צייט אין ביי בעשטימטע פאלקס־קלאסען ווערט אויך דער געזעלשאפטליכער אנטיסעמיטיזם קלענער. וועו ס'הערען אויף די געזעצ־ליכע בעגרענצונגען, ביי דעם פשוט'ן המון איז די געזעצלאזיגקייט פון די יודען די סבה פון זייער אונגליק. „די יודען זענען אויסער דעם געזעץ, מן הסתם זענען זיי ווערט"— אזוי טענה'ט דער פראסטער רוסישער מוזשיק — און בעהאנדעלט דעם יודען ווי א הפקר־זאך.

ביי דעם נצחון פון דער פרייהייט איז אלזא דא געוויסע פעסטע שאנסען, אז די לאגע פון די יודען וועט בעסער ווערען. קיין שום דענקענדער ציוניסט זאגט ניט, פערשטעה'ט זיך, אז ער וועט גוט ווע־ען, דער אלף־בית פון או זער וועלט־אנשויאונג איז די איבערציינונג, אז גוט, ד. ה. נארמאל און געזונט וועט זיך קענען דאס יודישע אינדיווידועלע און פאלקס־לעבען נור דאמאלס ענטוויקלען, ווען דאס יודישע פאלק וועט זיין אויף זיין אייגען לאנד. אין גלות איז קיין ראדיקאלע הילף ניט מעגליך, אבער פאליאטיווען, האלב־מיטעל, בעסערע אדער

שוואַכערע, זענען יאָ מעגליך און איינער פֿון די גוטע שטאַרקע און וויכטיגע פּאַליאַטיווען איז — דער קאַמפּף פֿאַר דער פֿרייהייט.

איך זאָג: דער קאַמפּף און ניט דאָס אַבוואַרטען, ביז מען וועט די פֿרייהייט געבען. אַזאַ פֿאַלשע מיינונג הערשט ביי אַ טייל ציוניסטען. ס'פֿערשטעהט זיך, אַז אַזאַ מיינונג איז אי ניט עטהיש און ניט פּראַקטיש. ניט עטהיש איז זי דערפֿאַר, וואָס אַ פֿאָלק, וועלכעס געניסט פֿון די רעזולטאַטען פֿון אַ מלחמה, וואָס איהרע קרבנות און שווערקייטען האָבען אַנדערע איבערגעטראָגען אויף זייערע רוקענס, אַזאַ פֿאָלק איז אַ פּאַראַזיט, וואָס עסט פֿרעמדע אַרבייט און לעבט פֿון פֿרעמדען נוטס. פֿון דער פֿרייהייטס־בעוועגונג האָפֿען מיר אויף פֿערבעסערונג פֿון אונזער מצב, פֿאַר דער פֿרייהייטס־בעוועגונג מוז מען קעמפֿען — בכן מוזען מיר אַנטייל נעהמען אין דעם קאַמפּף. ווי געזאָגט, איז די מיינונג אויך ניט פּראַקטיש. וואָרום אַ ממשות און אַ ווערטה האָט נור דאָס, וואָס מען האָט ערוואָרבען, געוואונען אין עהרליכען קאַמפּף און ניט דאָס וואָס איז געשענקט געוואָרען.

---

## III.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז פֿאַר די ציוניסטישע עלעמענטען, — יודען — קען דער אַנטייל אין דער פֿרייהייטס־בעוועגונג זיין אַ געזונטער פּאַליאַטיוו. צו וועט דאָס אויך נוטצען ברענגען דער געזאַמטהייט פֿון ציוניסטישע עלעמענטען, — דער ציוניסטישער פּאַרטיי?

מיר וועלען קענען בעשטימט בעהויפּטען, אַז די פֿרייהייטס־בעוועגונג וועט ברענגען נוטצען דער ציוניסטישער פּאַרטיי, אויב מיר וועלען קענען ענטפֿערן מיט „יאָ“ אויף די צוויי שאלות: 1) צו וועט ביי דער גלייכבערעכטיגונג פֿון די יודען די נאַציאָנאַלע אידעע צווישען זיי שטייגען? 2) צו וועט די פֿריי־געוואָרענע געזעלשאַפֿט אונטערשטיצען אונזער ציוניסטישעס פּראָגראַם?

1.) אויף דער ערשטער פֿראַגע ענטפֿערן אַ סך ציוניסטען מיט „ניין“. זיי זאָגען און בעווייזען מיט ביישפּיעלען פֿון מערב־אייראָפּא, אַז די עמאַנציפּאַציע רייסט אַוועק די יודען פֿון דער נאַציאָנאַלער אידעע והא ראיה: דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך א. ז. וו. נאָרדוי האָט מיט זיין שטענדיגער איינזייטיגער שאַרפֿקייט אַ־ויסגעזאָגט דעם געדאַנקען און אַ סך ציוניסטען חזר'ן דאָס נאָך איהם נאָך. ס'איז אָבער לייכט צו בעווייזען, אַז די מיינונג איז גרונד־פֿאַלש.

ווען מען מאַכט וויסענשאַפֿטליכע בעטראַכטונגען בעמיהט מען זיך די ערשטע זאַך צו דערווייטערען דעם געגענשטאַנד פֿון די פֿאָרשונגען, דעם אָביעקט, פֿון דעם איינפֿלוס פֿון פֿערשיעדענע זייטיגע סבות. ווען די נאַטורפֿאָרשער האָבען צום ביי־שפּיעל געוואָלט פֿעסטשטעלען, ווי עס ווירקט דער אַלקאָהאָל אויפֿ'ן מענשליכען אָרגאַניזם האָבען זיי גענומען 2 גרופּען מענשען, זיי געשטעלט אין פּונקט די איינענע לעבענסבעדינגונגען, נור איין גרופּע געגעבען אַלקאָהאָל און דער אַנדערער ניט. דאָס גלייכען איז מיט אַלע אַנדערע פֿאָרשונגען.

מיר רעדען שטענדיג פֿון אַ בעשטימטער סומע פֿון נאַציאָנאַליטעטס־געפֿיהלען, וועלכע מיר קאָנסטאַטירען ביי די יודען אין רוסלאַנד, און זאָגען, אַז די נאַציאָנאַלע

אידעע דערגרייכט אין רוסלאַנד אַזאַ און אַזאַ מדרגה. ס'איז נאָך אַ גליק וואָס מען קען די סומע מיט ציפערן ניט אויסדריקען... אין דער אמת'ן אָבער ליעגט אין דעם אַ פעהלער. מיר וואָלטען געקענט מיט בעשטימטהייט רעדען פון אַ געוויסען גראַד נאַציאָנאַליטעט, ווען מיר וואָלטען זיין זיכער, אַז די ערשיינונגען, וועלכע מיר האַלטען פאַר רעזולטאַטען פון דער נאַציאָנאַלער אידעע, וואָלטען געווען פריי פון דעם איינ-פלוס פון פערשיעדענע זייטיגע סבות, ווי פערפאָלגונגען, רדיפות, בעגרענצונגען און אונאָרמאַלע לעבענס-מיטלען.

ביי אונז אָבער געפינט זיך דער נאַציאָנאַליזם אין אַ געבונדענעם צו-שטאַנד. ריכטיגער געזאָגט: דאָס איז ניט קיין ריינער, פרייער נאַציאָנאַליזם, דאָס רעזולטאַט פון נאַציאָנאַלע בעדערפנישען, נור אַ צופעליג צוזאַמען-געזעצטע מעכאַנישע מישונג פון פער-שיעדענע עלעמענטען, אין וועלכע דער נאַציאָנאַלער געהט אויך אַריין ווי איין בעשטאַנד-טייל. דאַריבער קענען מיר ערשט גאָר ניט בעשטימען ווי הויך ביי אונז איז די נאַציאָנאַלע אידעע. מיר וועלען זי ערשט דאַמאָלס קענען בעשטימען מיט געוויסהייט, ווען די יודען אין רוסלאַנד וועלען זיך געפינען אין ערטרעגליכע, מענש-ליכע בעדינגונגען, ווען די איינציגע גרינדע פון זייער אונצופריעדענהייט וועלען זיין — די נאַציאָנאַלע, ד. ה. די אבוועזענהייט פון אַ נאַציאָנאַלען לעבען.

און דאָ קען זיין, אז ווען מיר וועלען קריעגען גלייכע רעכט וועט די שאַרפ-קייט פון דער יודישער אונצופריעדענהייט שוואַכער ווערען, אָבער די נאַציאָנאַלע אידעע בשום אופן ניט, ווייל זי וועט ניט האָבען קיין בעפריעדיגונג. עס וועלען פון אונז אָבפאַלען נור די, וואָס האבען צו אונז קיין מאָל ניט געהערט, ווייל זיי זענען קיין מאָל קיין ציוניסטען ניט געווען. זיי האָבען נור אָנגעוואָרען די אמונה אין דער מענשהייט פון גלות, האָבען אָבער קיין מאָל ניט געהאַט די אמונה אין אונזער אידעאַל און די אינגעווענינסטע בעדערפנישען אין אַ יודישען נאַציאָנאַלען לעבען. טריי וועלען אָבער בלייבען די אמת'ע נאַציאָנאַליסטען, די ריכטיגע ציוניסטען, און נור אויף אַזעלכע עלעמענטען קען זיך שטיצען אַ בעוועגונג.

די פרייהייטס-בעוועגונג וועט אַלזאָ אונזער אידעע ניט נור ניט אָבשוואַכען, פערקעהרט, זי וועט איהר לייטערן. זי וועט זיין פאַר איהר דער בעסטער פראָביער-שטיין, און פון דער פראָבע וועט דער ציוניזם ארויסגעהען א געלייטערטער און אַ שטאַרקער. לעבענס-קראַפט האַט נור דאָס, וואס קען ווידערשטעהען; דאָס וואָס געהט מיט'ן נאַטירליכען וועג פערלאָרען — אויף דעם דאַרף מען ניט וויינען, ווארום אויף דעם האט מען גאָר ניט געקענט בויען. דאס שטרעבען צו א נאַציאָנאַלעם לעבען איז א נאַטירליכעס בעדערפניש און וועט אַלץ שטייגען און שטייגען. און דערצו ווייסען מיר דאָך דעם ביטערען סוד, אז די „פליטער-וואָכען" פון דער פריי-הייט דויערן ניט צו לאַנג...

און אין פראַקטישען זין קען די פרייהייט ברענגען אונגעהייערע נוטצען אונזער אידעע. שטרעבען אין דער הויך קען נור דער, וואס קריעכט ניט דעם גאנצען לעבען ווי אַ וואָרים. מענשען פערקנעכטעטע, פעריאָגטע און פער'קבצנ'טע ליעגט ניט אין זינען קיין אידעע, וואָס פאָדערט לאנגע יאָהרען פון געדולד און אויסדויער. אַ נייער אומגליק קען אין זיי העכסטענס אויפוועקען אַ נייעם פונק פון אַרבייטספעהיגקייט, דער ים פון צרות וועט אָבער דעם פונק גיך פערלעשען. ווערט דאָ אונזער לאַנגע

בעסער, אונזער עקאנאמישער צושטאנד געזינטער, אונזער גייסטיגע ענטוויקלונג ליכטיגער — ווערען די מחנות פֿון אונזערע ציוניסטען גרעסער און — ר י י כ ע ר, ווארום א וואהלהאבענדערעס פֿאלק קען, פֿערשטעהט זיך, גיכער מיטלען שאפֿען זיינע פּלענער אויסצופֿיהרען.

2.) צו וועט די פֿריי־געוואָרענע געזעלשאפֿט אונטערשטיצען אונזער ציוניסטישען פּראָגראם? — נ י י ן! בעזונדערס די ערשטע צייט. באלד נאָכ'ן נצחון פֿון דעם פֿרייהייטס־קאמפֿ וועט זיך צוריק אנהייבען דער אלטער חלום פֿון דער בעסערער קריסטליכער געזעלשאפֿט וועגען אסימילאציע. צוערשט וועט מען רעדען וועגען „ברודערשאפֿט, גלייכהייט און ליעבע", דערנאך וועט מען קומען אין דעם נאמען פֿון נאציאָנאלע אינטערעסען און מען וועט א ודאי פֿערלאנגען, די יודען זאלען זיך פֿונאנדער־קאָכען אין דעם קריסטליכען מאגען. יעדענפֿאלס וועט מען אויף די נאציאָ־נאלע בעשטרעבונגען קוקען בייזלעך.

איך לייקען דאס ניט אב און פֿונדעסטוועגען וועלען מיר אפילו פֿון דעם נעגאטיווען פֿערהעלטניס קענען נוטצען ציהען. די אגיטאציע און פּראפּאגאנדא וועט יעדענפֿאלס זיין פֿריי פֿאר אלעמען. אלזא פֿאר אונז ציוניסטען אויך. דער וואס ארבייט אין דעם ציוניזם ווייסט, וואס דאס איז פֿאר אנ'אומגליק פֿאר דער בעוועגונג, וואס מען טאר ניט אגיטירען. די גאנצע כוחות געהען אוועק אויף איינריכטען פֿון פֿער־זאמלונגען. האבען מיר פֿרייע אגיטאציע, איז דאס שוין פֿאר אונז א גרויסער געווינסט.

און מיט דער צייט וועט די רוסישע געזעלשאפֿט אויך קומען צו דער איבער־ציינונג, אז דער ציוניזם איז א שידוך א גלייכער פֿאר ביידע צדדים. ביי א פֿרייער מדינה האט דאך א פֿרייע מיינונג א גרעסערע בעדייטונג, און ווער ווייסט צו וועלען מיר אין דער פֿעריונגטער, אויף־דאס־ניי־געבוירענער רוסישער געזעלשאפֿט ניט האבען די בעסטע מליצים פֿאר'ן ציוניזם? —

פֿאר אונזערע פֿארבערייטונגען צו אונזער קולטורעלען אויפֿלעבען, צו אונזער „רענעסאנס", קען אונז אויך די פֿרייהייט דיענען צום גוטען. מיר, ציוניסטען, זאגען בפירוש, אז מיר האלטען פֿאר א ריינעס אבסורד, פֿאר א קינדערשען, נארישען חלום די מעגליכקייט אריינצוריכטען דא אין די גלות־לענדער א נאציאָנאלען היים. אפילו נור אין קולטורעלען זין. מיר ווייסען גאנ'ץ גוט, אז אייביג וועט אויף אונז, די קליינענקע און שוואכע גרופּע, די מעהרצאהל פֿון די אנדערע פֿעלקער האבען איהר איינפֿלוס, — און דער וועט זיך בעמיהען אבצומעקען אונזערע בעזונדערע נאציאָנאלע מעלות. און וואס שטארקער די ארומיגע קולטור וועט זיין, אלץ שטארקער וועט זיין איהר רושם אויף אונז. פֿון דעסטוועגען קענען מיר אפילו אין דער הינזיכט ע ט ו ו א ס נוטעס ער־ווארטען. ווען אפילו די טונקעלע, וואלקענדיגע הבטחות פֿון דער רוסישער ליבעראלער פּארטיי וועגען „קולטורעלער זעלבסט־בעשטימונג" זאלען זיך אויסלאזען נור מיט שענע מליצית — וועניגסטענס אויף ד ע ם קענען מיר האפֿען אז מיר וועלען האבען מעהר פֿרייהייט אין דער ערציהונג פֿון אונזערע קינדער, און דאס וועט שוין אויך ברענגען עטוואס נוטצען פֿאר דער נאציאָנאלער אידעע. נור דא מוזען מיר מיט דער גאנצער שארפֿקייט פּ־אָטעסטירען אנקעגען דעם נאיווען גלויבען פֿון אונזערע „אווטאנאמיס־טען", וואס חלומ'ן אז זיי וועלען דא אין גלות פֿאר א עקס־טעריטאריאלען פֿאלק.

פֿאַר א פֿאָלק, וואס איז אומעטום צווייט און צושפּרייט, קענען פּועל'ן אוטאָנאָמישע רעכט...

---

IV.

פֿון דעם אַלעמען, וואס איך האב דא ערקלערט, איז שוין דוכט זיך קלאָר וועלכע שטעלונג דאַרף די ציוניסטישע פּאַרטיי נעהמען אין דער פֿרייהייטס־בעוועגונג. אונזער פֿערהעלטניס קען רעזומירט ווערען אויף אזא אופן:

1.) די ציוניסטישע פּאַרטיי, בעטאנענדיג אַם שאַרפֿסטען איהר הויפּט־איבערציינונג, אַז א ראַדיקאַלע תשובה אויף דער יודען־פֿראַגע איז אין די גלות־לענדער ניט מעגליך, האלט פֿונדעסטוועגען פֿאַר איהר חוב און פֿאַר א ניצליכען פּאָליטיק צו קעמפּפֿען פֿאַר דער אַלגעמיינער פֿרייהייט אין רוסלאנד.

2.) די ציוניסטישע פּאַרטיי נעהמט אויף זיך די פֿפֿליכט צו פֿערטיידיגען און צו פֿערהיטען די יודישע פּערזענליכע און נאַציאָנאַלע אינטערעסען.

3.) די ציוניסטישע פּאַרטיי פֿאָדערט פֿון דער ניי־געבוירענער רוסישער געזעלשאַפֿט פֿאָלשטענדיגע פֿרייהייט פֿאַר איהרע ציוניסטישע איינריכטונגען און פֿערלאַנגט שטיצע אין איהרע שטרעבונגען צו ארץ־ישראל.

די טעאָרעטישע זייט פֿון די פּונקטען זענען שוין דוכט זיך גענוג ערקלערט. דער ערשטער פּונקט פֿאָדערט אָבער נאָך א פּאָר בעמערקונגען. פֿון ערשטען קוק זעהט אוי'ס, אַז אין איהם איז דא א מין ווידערשפּרוך, עפּיס א מין „תרתי־דסתרא". פֿון איין זייט בעטאָנען מיר, אַז מיר קוקען אוי'ף אַלע „פֿרייהייטען" ווי אויף פּאַליאַטיוון און פֿון דער אַנדערער: פֿערפֿפֿליכטען מיר דאָך די ציוניסטישע פּאַרטיי פֿאַר די פּאַליאַטיוון צו קעמפּפֿען. ס'איז אָבער לייכט צו זעהען, אַז קיין ווידערשפּרוך איז דא ניט. נור א מין צושפּאַלטענקייט „דואַליטעט". אין דעם „פֿונדעסטוועגען" פֿיהלט זיך עפּיס ניט קיין גלאַטער נאָטה. ווי פֿון צוויי בעזונדערע טיילען, וואס זענען צוזאַמען בעהעפֿט. פֿון דער „דיסהאַרמאָניע" איז אָבער ניטאָ קיין אוי'סגאַנג, און אַלע פּאַרטייען וואָס זייער ענד־ציעל איז אין אַנ'אַנדער אַרט אַלס די געגענוואַרטס־אַרבייט, זענען אין דער אייגענער לאַגע. וואס זאל מען טהון? דאָס איז אויך א ירושה פֿון אונזער אונאָרמאַלען צושטאַנד אין גלות.

אונזערע ראַדיקאַלע געגנער קענען נאָך בעמערקען, אַז „קעמפּפֿען" וועט אייגענטליך די ציוניסטישע פּאַרטיי ניט קענען. וואָרום זי בעשטעהט ניט פֿון עלעמענטען, וואָס שטעהען פּאָליטיש און געזעלשאַפֿטליך אויף איין שטאַנדפּונקט; זי איז ניט „מעוֹר אחד", נור צוזאַמען געזעצט פֿון פֿערשידענע, בעזונדערע טיילען. דאָס איז אמת, אָבער ווען די ציוניסטישע פּאַרטיי, אַלס אָרגאַניזאַציע פֿון דעם געזאַמטען יודענטום, וועט שטעהן אויף דעם „רעאַל־פּאָליטישען" גרונד מוז זי איינזעהען, אַז דער קאַמפּף ברענגט נוצען דעם כלל ישראל, און דאַמאָלס איז דאָס שוין אַ חוב מוטל אויף דער פּאַרטיי.

מען וועט אונז גאַניץ געווים נאָך אויפֿוואַרפֿען, אַז מיר האָבען גלאַט ניט קיין עלעמענטען, וואָס זענען פֿעהיג צו אַזאַ קאַמפּף. אונזער פּאַרטיי — זאָגען זיך אָב אונזערע געגנער — איז אַ פּאַרטיי פֿון קליין־בורזשואַזיע און צו קעמפּפֿען איז פֿעהיג נור דער פּראָלעטאַריאַט. „וועלכער איז שטענדיג דער טרעגער פֿון אידעאַלען". די

ערשטע העלפט וויל איך ניט אָבלייקענען און איך שעם זיך גאָר ניט מיט דעם. אונזער פּאַרטיי איז פון קליין־בורזשואַזיע, ווייל אונזער פאָלק איז אַ פאָלק פון קליין־בורזשואַזיע. ניט מיר האָבען דעם צושטאַנד געבראַכט און ניט אין גלות וועלען מיר איהם ענדערען. און דאָס איז אויך אַ וויכטיגער בעווייז, ווי ריכטיג איז די צ י ו נ י ס ט י ש ע אידעע. אַנ׳קענען דער אַנדערער בעהויפּטונג אָבער מוז איך שטאַרק פּראָטעסטירען. זי איז מעהר איבערפלעכליך און ווי זי שטעהט און נעהט גענומען אויף באָרג ביי אַנדערע פעלקער. אומעטום, וואו דער פּראָלעטאַריאַט (דער פאַבריק־אַרבייטער און אַלע די וואָס האָבען גאָר קיין האָפנונג ניט צו ווערען ווען עס איז איינענטימער) איז דער אָרעמסטע, דער צום מעהרסטען נעדריקטער און בענרענצטער צום מיינסטען אין זיינע רעכט, דאָרט איז ע ר דער איינציגער „טראגער פון די אידעאַלען“. ביי אונז יודען, איז אָבער דער אַרעמסטער און דער אומגליקסטער דער קליין־בורזשואַ, וועלכער איז אַ סך אומגליקליכער פון דעם פּראָלעטאַריער. ער איז צום מיינסטען הונגריג, צום מיינסטען דערדריקט און האָט אויך קיין מאָל ניט קיין האָפנונג ביי דער איצטיגער איינריכטונג צו ווערען אַ איינענטימער. דאַריבער וועט ביי אונז, יודען, דער קליין־בורזשואַ זיין דער טראָגער פון אידעאַלען, און אויף זיינע שוואכע פּלייצעס וועט ער איבערטראָגען די שווערקייט פון דעם פרייהייטס־קאַמפף וואָרום ניט מיט׳ן רוח־הקדש ווערט מען א קעמפּפער פאַר אידעאַלען. די גרעסטע טרייבענדע קראַפט איז דער הונגער און די אונטערדריקונג. און דאָס פעהלט, ברוך השם, ניט...

איך האַלט דאָס פאַר נאָטווענדיג, אַז דער ק אָ נ ג ר ע ס זאָל זיך מיט דער פראַגע פערנעמען, אין אַ ראַדיקאַלע רעזאָלוציע פעסטשטעלען. דאָס איז אַ פראַגע וואָס געהערט צום גאַנצען ציוניזם און אַריבערגעהן איבער איהר „צור טאַגעסאָרדנונג“ וואָלט געווען גאָר ניט קלוג און ניט עהרליך. שוין איינמאָל — נאָך קישיניעוו — האָט שוין דער קאָנגרעס אָבגעטהון אַ „דיפּלאָמאַטישע חכמה“; מעהר טאָרען מיר איהר ניט איבערחזר׳ן אויב מיר ווילען ניט אַז דער ציוניזם זאָל ווערען אַ מין באַל־זאַמירטער קערפּער. אַ טויטע בעוועגונג וואָס האָט איינגענומען אַ שלאָף־טרונק און ווי אין הינערפלעט וואַרט זי ביז משיח וועט קומען.

ס׳איז ערשט אַ ענטשידענדער מאָמענט פאַר׳ן ציוניזם. און אין דעם מאָמענט קען ער לייכט אַנווערען אויף אַ לאַנגע צייט דעם באָדען פון אונטער די פיס, און פערקעהרט מיט קלוגע רעאַלע אַרבייט קען ער פערשפּרייטען זיין איינפלוס אויף גרויסע פאָלקס־מאַסען.

מ. נ. סירקין.

בעמערקונג פון רעד. ניט מיט אַלע אויספיהרונגען זענען מיר איינפערשטאַנען. מיר וועלען נאָך אַנדערע אַרטיקעל ברענגען וואָס וועלען דיעזע פראַגע בעהאַנדלען. דערווייל אָבער מוזען מיר שוין בעמערקען אַז מיר האַלטען פאַר פ אַ ל ש אַז דער גאַנצער ק אָ נ ג ר ע ס זאָל זיך מיט דיעזער פראַגע בעשעפטיגען. דיעזע פראַגע איז ניט צו פערגלייכען מיט׳ן קישינעווער בלוט־באָד געגען וועלכען דער קאָנגרעס האָט בעדאַרפט פּראָטעסטירען, דיעזע פראַגע מוז נור אויף דער קאָנפערענץ פון די ר ו ס י ש ע דעלעגאַטען בעהאַנדעלט ווערען. מיר האַלטען בשום אופן ניט פאַר מעגליך, אַז למשל שווייצערישע איצטיגע דעלעגאַטען זאָלען בעשטימען צו זאָלען די ר ו ס י ש ע צ י ו נ י ס ט ע ן „קעמפּפען“ אָדער ניט. —

# נחמן און מייציג.

אַ זייגער 9 אין דער פֿריה בין איך אַראָב פֿון פּאָיעזד אויף דער סטאַנציע S. און האָב גלייך געדונגען מיין בעקאַנטען בעל-עגלה מייציגען, ער זאָל מיך אָבפֿיהרען קיין ליססע צו נחמן דעם קרעצמער.

מייציג איז געווען שוין איבער 60 יאָהר, נור ער האָט נאָך געהאַט אַ פֿרישע געזונטע פֿאַרב אין געזיכט און איז געווען נאָך גאַנץ שטאַרק; זיינע קליינע שמייכלענדיגע אויגען, זיין פּירקאַנטיג נאָך ניט גרויעס קליינעס בערדיל — האָבען זיין געזיכט צוגעגעבען איין ענערגישען, קלוגען, אַביסעל אַפּילו אַ חיטרעם אויסדרוק.

דורכפֿאָהרענדיג דורכ׳ן שטעדטעל, האָט מיך מייציג אַריינגעפֿיהרט אין עפּעס אַ זייטיגע געסעל, וואָס איז בעשטאַנען דורך־אויס כמעט פֿון נידעריגע, איינגעזונקענע האַלופּקעס מיט איינגעזונקענע פֿענסטער, קרומע טהירען, אַראָב געלאָזענע ביז׳ן ערד גרינליכע דעכער — און האָט זיך אָבגעשטעלט לעבען איינע פֿון די האַלופּקעס און איז אין איהר אַריין נעמען אַביסעל היי. די טהיר פֿון דעם שטיביל איז אַזוי טיעף געזעסען אין דער ערד, אַז ווען מייציג איז אין איהר אַריין, האָב איך איהם נור געקענט זעהען דאָס שטיקעל רוקען פֿון קאָפּ ביז׳ן גאַרטעל; די פֿיס זענען אין גאַנצען פֿערשוואונדען געוואָרען אונטערען הויכען שוועל און דעם קאָפּ האָט בעהאַלטען דער אויבערשטער אוסיאַק. אין איינִיגע סעקונדען האָט זיך אין טהיר בעוויזען אַ אָהאַפּקע היי אַרומגענומען מיט דאַרע צומאָרשצעטע הענט, און באַלד האָט זיך דאָס א הייב געטהון, אַ בייג געטהון, און מייציג איז ווי עפּעס אויסגעוואַקסען פֿאַר מיר אויפ׳ן גאַס מיט די הויפּענס היי. גלייך נאָך דעם האָט זיך בעוויזען אין טהיר אויף יענער זייט שוועל אַ האַלבער אויבערשטער גוף פֿון איין עלטערער צוקנייטשער, נור גוטמוטיגער באָבינקע, וואָס האָט עפּעס אַזוי גייגעריג ליעב געקוקט אויף מיר פֿון אונטער איהרע פֿערקנייטשע ברעמען. זי האָט געבעטען מייציגען ער זאָל למעה״ש, צוריקפֿאָהרענדיג פֿון וואַלד, ברענגען האָלץ, אָדער שפּענער. מיר זענען גלייך אַוועק געפֿאָהרען אין וועג.

דער וועג צו נחמן׳ען, וואָס האָט געדאַרפֿט דויער׳ן איבער 3 שטונדען, איז געלעגען דורך גלייכע, יעצט שוין אָבגעשניטענע פֿעלדער (דאָס איז געווען עשרת־ימי־תשובה), וועלכע האָבען זיך געענדיגט אויפ׳ן האָריזאָנט מיט גרינע, גלייכע, ווי אָבגעשניטענע וועלדער. עס איז געווען אַ זונען־טאָג, נור אַ קאַלטער; אַ קליינער ווינטעל האָט קוים געבלאָזען; דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט קליינע ווייסע צוריסענע וואָלקינס, וועלכע האָבען זיך שנעל געטראָגען איבער׳ן הימעל ביז׳ן האָריזאָנט, וואו עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי זענען געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, צונעמענדיג צייטענווייס די פאָרמע פֿון הויכע שפּיציגע, מיט שנֵיי בעדעקטע בערג. אויף די פֿעלדער איז געווען שטיל, טויט, וואו ניט וואו האָט זיך יע אַפּילו געזעהן אויסגעשפּאַנטע וועגען און איינִיגע פֿיגורען פֿון דאָרפֿס פּויערים, וועלכע האָבען זיך נאָך פּערשפּעטיגט מיט׳ן גראָבען קאַרטאָפֿעל.

נור זיי האָבען נאָך ווי צוגעגעבען מעהר אומעדיגקייט און האָבען מיט זייערע שטילע לאַנגזאַמע, פֿוילע בעוועגונגען ווי פֿערענדיגט די גאַנצע אומעדיגע בילד.

עס האָט זיך עפּעס שווער געפֿיהלט אויפֿ'ן האַרצען, קוקענדיג אויף דער אָרימער פֿערשלאָפֿענער נאַטור, אויף די פֿערברענטע אָבגעלעבטע פֿעלדער, עפּעס אַ שטילער אומעט האָט בעהערשט מיין ברוסט, פֿון דעם אומפֿערשטענדליכען שטילען אומעט, וואָס בעהערשט, ווען מען הערט אַ רוהיגען טרויעריגען מאָטיוו, אוקריינער אָדער אַ טיפּיצנער יודישער. דער שטילער אומעט איז אויך אָבער געווען זעלטען אנגענעם, עס האָט זיך געפֿיהלט אין איהם עפּעס אַ זעלטענע וואַרעמקייט, און אויפֿ'ן האַרצען איז געווען אי שווער אי גרינג... די וועג איז דאָ געווען אַ גלאַטע און אַ זאַמדיגע; די רעדער האָבען שטיל, מאָנאָטאָנע געזשורצעט אין זאַמד און מייציג'ס פֿערדיל, מיט וועלכען מייציג פֿלעגט אויסקומען נור מיט ווערטער, ניט בענוצענדיג די בייטש, איז עפּעס סאָליד געגאַנגען אין שפּאַן, לויפֿענדיג נור ווען עס האָט זיך שוין אַליין געבעטען אונטער לויפֿען. דער אומעט האָט מיך אַליץ געדרוקט און כדי איהם אַביסעל אָפּשוואַכען האָב איך פּלוצלונג מייציגען אַפֿרעג געטהון:



— נו, ר' מייציג, וואָס הערט זיך עפּעס נייעס ביי אייך אין שטעדטעל?

מייציג האָט ניט גלייך געענטפֿערט; ער האָט זיך אַביסעל אומגעקערט מיט'ן קערפּער צו מיר אויף אַזוי פֿיעל, אַז איך האָב דאַן געקענט גוט בעטראַכטען זיין שאַרפֿען, ענערגישען פּראָפֿיל, — און האָט בנגבה אַקוק געטהון אויף מיר, ווילענדיג, אפֿנים, טרעפֿען אויף וויפֿיעל ערינסט מיין איך דאָס, אגב — האָבען אַביסעל צייט, עפּעס וואָס וויציגעס און ביטערעס ענטפֿערען אויף מיין פֿראַגע.

— איהר פֿרעגט וואָס הערט זיך ביי אונז נייעס? — האָט ער איבערגעפֿרעגט לאַנגזאַם. — וואָס זאָל זיך הערען נייעס ביי אונז אין ק"ק .S, אָט מען לעבט, מען קרענקט, ווי ביי אַלע יודען, ניט צו פֿערזינדיגען.

— וואָס הייסט — ווי ביי אַלע יודען?

— דאָס הייסט פּראָסט, דאָס מען האָט מעהר צער ווי חיונה, און אַז גאָט גיט האָט מען צער אַליין גאָר אָהן חיונה, דאָס איז דאָך פון די יודישע געשעפטען. — האָט ער פּרעהלעך, איראָניש געענטפערט.

— נו, דאָס איז פון די אַלטע נייעס, פון די אומעדיגע; דערצעהלט בעסער עפּעס פּרעהליכע נייעס.

— וואָס פאַר אַ פּרעהליכע נייעס ווילט איהר יעצט אין די טרויעריגע טעג? וואָס קען מען יעצט זעהן אין די קליינע שטעדטלעך אויסער אָראָבגעלאָזענע נעזער, וואָס שאַרען זיך איבער די גאַסען, ווי נעכטיגע, מיט פּוסטע קעשענעס און מיט ליידיגע בייכלעך. פריהער אַביסעל איז געווען אין שטעדטעל אַ געפּילדער פון די וואָס זענען געפאָהרען נאָך אַמעריקע; יעדען טאָג איז געווען עפּעס נייעס; נעכטען איז אַוועק געפאָהרען שמעריל, היינט פאָהרט בעריל, מאָרגען וועט פאָהרען הייקיל און ביילע האָט נעבאָך ניט פאַר וואָס צו פאָהרען, מיט איין וואָרט עס האָט געדודערט אין שטעדטיל; כמעט אַלע טאָג פלעג איך זיך אָנהערען מיט קינות אין חורבנות פון די ווייבער, וואָס פלעגען פערגיסען איבער מיין וואגען, ווען איך פלעג משלח זיין עטליכע יודלעך צום וואגזאַל נאָך אַמעריקאַ. איצטער, אין די פערקלאָגטע טעג איז שטילער געוואָרען, יודלעך האָבען אַפּנים זיך גענומען צו תשובה און מען מוז זיצען אויף די ערטער, אין אַמעריקאַ איז דאָס אפשר ניטאָ...

— נו, און וואָס מאַכט ביי אייך דער רב און אייער נגיד ר׳ חיים־יעקב?

2 — דער רב? — הלואי אויף מיינע אוראייניקלעך געזאָגט געוואָרען — האָט האַראַבקעס ביי זיך און וואָס פעהלט איהם, באַלד בעסער ווי דעם מינסקער גובערנאַטאָר.

— און חיים־יענקל דעם נגיד?

S. — ער איז נאָך אַלץ אַ שטאַרקער נגיד און גלויבט נאָך עד היום, אַז גאַנץ ק״ק לעבט מיט זיין יחוס, ער האָט, לא עליכם, נאָך עד היום אָט דעם פעהלער. — האָט ער פּרעהלעך, איראָניש געענטפערט און האָט אויף מיר אַ קוק געטהון, ווי ער וואָלט געזאָגט: אָט אַזוי איז דאָס ביי אונז יודען.

דער שמועס האָט זיך עפּעס ווייטער ניט געקלעבט. איך בין געבליבען שטיל, און מייציג האָט זיך אויך עפּעס פערטראַכט אויפקאַרצענדיג זיך איך אין וואָגען, פערגעסענדיג אַפילו אויסזידלען דעם פערדעל, וועלכער האָט זיך ביין אָנהייב באַרג אָבגעשטעלט אַביסעל.

מיר זענען אַריין געפאָהרען אין וואַלד. אין וואַלד איז געווען רוהיג; די שפּיצען ביימער האָבען עטוואָס אין דער הויך זיך געוויעגט און האָבען קוים שטיל, מעלאַנכאַליש גערוישט. וואו ניט וואו האָבען די פויגעלעך שטיל געפּישצעט, אַרויסלאָזענדיג איינציגע קורצע טרעלען און האָבען זיך באַלד אָבגעהאַקט. פון טיעפען וואַלד פלעגען זיך ברענגען צוטראָגען פון צייט צו צייט אַ פערשטיקטער קרעכץ פון עפּעס אַ בוים, אָדער אַ קנאַק פון איין טרוקענעם צווייג. דער וועג איז גלייך שמעלער געוואָרען, האָט זיך גענומען דרייען ווי אַ שלאַנג צווישען די ביימער און האָט זיך האַסטיג באַלד אַראָב געלאָזען באַרג אַראָב. דער פערדעל האָט לכתחילה מיט עפּעס אַ אויגענווערט גענומען איינהאַלטען דעם וואָגען, וועלכער האָט זיך אין גאַנצען אויף איהם אָנגעלייגט און האָט איהם געשטופּט, נור צום סוף האָט דאָס פערדיל שוין פערלוירען דאָס געדולד און האָט זיך צו־

לאָזען באַרג אַראָב איבער דעם מיט דערנער בעדעקטען וועג, אַז איך האָב געמיינט, אַז קיין גאַנצעס גליעד וועט ביי מיר ניט בלייבען. מייציג האָט זיין פֿערדיל דערפֿאַר אויס־געזידעלט פֿיר צופֿיעל „התמדה“, ווי ער האָט געזאָגט.

דער וועג האָט זיך האסטיג פֿערבויגט אויף לינקס און דער רעכטער זייט וואַלד איז ווי אָבגעלאָפֿען פֿון וועג אויף עטליכע הונדערט טריט; פֿאָרויס האָט זיך דער הימעל גענומען דורכפֿלעכטען צווישען די ביימער אַלעס מעהר, און מיר זענען אַרויסגעפֿאָהרען פֿון וואַלד. פֿון ווייטען, צווישען אַ קוסט פֿון ניעדעריגע צווייגענדיגע סאָסנעס, וועלכע זענען געשטאַנען אַביסעל אָבגעטראָטען פֿון וואַלד ביין וועג — האָט אַרויסגעקוקט דער הייכער נייער שטרייענער דאַך פֿון נחמן׳ס קרעצים, וועלכער האָט צייטענווייז, ווען די זון איז איבער איהם איבער געלאָפֿען, זיך איבערגעגאָסען אין אַ גאָלד פֿאַרב.

— אָט האָבען מיר שוין נחמן׳ס קרעצים, — האָט מייציג פֿאַר זיך אַרויסגעזאָגט, ווען דער דאַך פֿון קרעצים האט זיך אין גאַנצען אַרויסגעזעהן.

— וואָס, דער פריץ האָט אויסגעבויט אַ נייע קרעצים, — האָב איך געפֿרעגט, דערזעהענדיג דעם נייעם שטרויענעם דאַך אונטער דער גרופּע ביימער.

— עט, פֿאַר וואָס זאָל דאָס דער פריץ טהון אַזאַ נאַרעשקייט, ווען נחמן וועט איהם צאָהלען די ארענדע ווײנענדיג אפילו אין דער חורבה. נאָך אַ גוטסקייט פֿון פריץ, וואָס ער האט דעם נייעם דאַך געמאַכט, איז דאָס אויך ווייל נחמן האָט אויפֿגעוויזען מיט „אותות ומופתים“, אַז ער איז גאָר ניט מחויב צו זיצען אַ גאַנצען יאָהר אין אַ סוכה און איהם זאָל רינען אונטערען קאָלנער און אין טעלער...

— מען קען דאָך אָבער שוין ניט וואוינען אין אַזאַ אַלטע חורבה: — האָט זיך ביי מיר אַרויס געריסען, פּונקט ווי איך וואָלט געהאַט טענות צו מייציגען און ווי ער וואָלט געקענט דערצו העלפֿען.

— דעם פריץ איז אַ גרויסע דאגה, אַז נחמן וועט פֿרירען און ווייקען זיך ווינטער; און אגב—ניט קענען — איז גאָר ניט שייך, ווי קען מען דאָס ניט? — האָט ער געזאָגט האלב ערענסט, האַלב מיט אַ ביטערער איראניע. — אונזערער אַ יוד קען אַלעס, און פֿרירען און ווייקען זיך איז דאָס ביי איהם פֿון די געוועהנליכע זאַכען, פֿערקערט, אַ יוד אַ קבצן זאָל וויינען אין אַ גראמע וואַרימע דירה קען דאָס נאָך איהם חלילה פֿערשאדען. אָט נעמט האָטש מיך אַליין. איהר האָט דאָך געזעהן מיין חאַלופּקע. קען מען וואוינען אין אַזאַ שטיבעלע? נור דאָך וויים איך, אז איך געה אריין וואו עס איז אין א שטוב, און ביין ע־שטען טראַט שטעה איך שוין ניט ביין טיש, לעבען אויווען, לעבען קאמאד ווי ביי מיר — דוכט זיך מיר אז איך בין עפּעס אין א פּוסטען שייער, עס איז מיר עפּעס קאַלט און פּוסט אַרום, א קבצן האָט אויך זיינע געפֿיהלען, זיינע פֿערגעניגען, איהר מיינט אפשר ניט?... ביי מיר איז דאָס נאָך א דאנק גאָט אייגענע פֿיער ווינקעלאך, — האָט ער, נאָך א מינוטיגער פּאוזע צוגעגעבען, בעטאנענדיג זעלטען די ווערטער: „אייגענע פֿיער ווינקעלאך“.

— נור אָט וואָס — האָט ער באלד ווייטער געזאָגט. — נחמן וועט שוין לאנג ניט פֿרירען, איהר האָט דאָך שוין מסתמא געהערט, אז ער פֿאָהרט אַרויס אין ארץ־ישראל נאָך דעם ווינטער, דאָרטען וועט איהם שוין זיין אי וואַרעם אי טרוקען, אפשר נאָך צו וואַרעם, דערצו וועט ער נאָך עסען באָקסאַר מיט פֿייגען, ווי ציעגען..

— ע, שוין פון וויפיל יאָהרען הער איך אלץ, אז נחמן פאָהרט אין „ארץ־ישראל“ און דאָך זיצט ער אלץ אויף איין אָרט.

— דאָס איז געווען נור ביז יעצט, איצטער אָבער פאָהרט ער שוין בעשטימט; ער האָט שוין פערקויפט זיינע מויערין, די שיפען אלע אוועקגעשיקט קיין פריסען און ער קען שוין רוהיג פאָהרען נאָך ארץ־ישראל, עסען צימעסין פון ראָזינקעס און באָקסאר ווי...

— הייבט איהר שוין אָן מיט אייערע המצאות,— שלאָג איך איהם איבער מיט פערדרוס.

— ס'איז גאָר קיין המצאה ניט: א ראָזינקעס צימעס מוז זיין גוט געשמאַק און זיין א ארץ־ישראל יוד איז אויך גאָר ניט גראָב שלעכט. פאַראַיאָהרען איז געווען ביי אונז אין שטעטיל א ארץ־ישראל יוד — הלואי אויף אלע יודען געזאָגט געוואָרען! נור ריכטיג, אָהן שפּאַס,— האָט ער שוין ערענסט געזאָגט, פיהלענדיג, אַז זיין איראנישער טאָן קען זיין שלעכט אָנגענומען,— נחמן פאָהרט בעשטימט.

איך האָב שוין מעהר ניט געצווייפעלט אז נחמן פאָהרט ווירקליך נאָך ארץ ישראל. מייציג'ס לעצטע ווערטער האָבען מיך איבערצייגט. איך האָב נור פון זיין לעכער־ליכען, פרעהליכען טאָן ניט געקענט טרעפען זיין אייגענעם קוק אויף נחמן'ס פאָהרען — וואָס דאָס האָט מיך זעהר אינטערעסירט; צו איז דאָס געווען ווירקליך אָבגעלאַכט, אָדער אפשר האָט זיך אין די לעכערליכע ווערטער, אין דעם איראנישען טאָן, מעהר אויס־געדריקט ליעבע צו דעם, ווענגען וואָס ער האָט גערעדט. איך האָב איהם דעריבער גע־פרעגט, אגב האָט זיך מיר געוואָלט איהם אַביסעל אַיינרייצען.

— הערט ר' מייציג וואָס איך וואָלט אייך זאָגען: איך אויף אייער אָרט וואָלט אויך אַרויס געפאָהרען אין ארץ ישראל, איהר זענט דאָך איצט אויף דער עלטער ווי־מ'זאָגט "*дѣдъ да баба*", די קינדער שוין אויסגעגעבען און, ווי מ'זאָגט, האָט איהר עט־ליכע רובעל אויך זאפּאַסנע, נייַן וועט איהר אפשר זאָגען? ווּעמען האָט איהר דאָ או וואָס האָט איהר דאָ; די קינדער זענען דאָך, ווי ביי אלע יודען, אין אמעריקא, יע?

ער האָט זיך גלייך אומגעדרייט מיט'ן געזיכט צו מיר אויף וועלכען עס האָט גע־שפּיעלט א גליקליכער אויסדרוק, וואַהרשיינליך פיהלענדיג שוין דעם פערגעניגען פון די ווערטער, וואָס ער וועט מיר דאָ איבערגעבען, און אנזאָגענדיג צוערשט זיין פערד'ל ער זאָל געהן אַביסעל געשמאַקער און זיך ניט צוהערען צום שמועס — האָט ער צופרידען געזאָגט:

— אייער גליק איז וואָס מיין אַלטע מאַמע איז דאָ ניטאָ, ווי ניט וואָלט איהר פאַר אייער עצה דאָ פון איהר געקראָגען א קוש, וואָס איך האָב דאָס פון איהר מיין גאַנצען לעבען ניט געקראָגען זינט איך געדענק. מיין מאַמען טאָר מען ניט דערמאָנע: ארץ ישראל, גלייך האַפּט זי גיסען מיט די אויגען. איהרער איין עלטער, עלטער זיידע איז מיט תרפ"ט אַלפּים יאָהרען אַרויס געפאָהרען נאָך ארץ ישראל און איז דאָרטען געשטאָרבען, קען זי דאָס נאָך עד היום ניט פערגעסען; איהר זיפצען איהר קרעכצען ווען זי הערט לייענענדיג אין טייטש־חומש אַז „יעקב אבינו“ האָט „גענידערט“ נאָך מצרים איז ניט איבער צו געבען, גלייך דערמאַנט זי זיך אָן איהר עלטער זיידען, וואָס האָט אויך גענידערט... פון איהרט ווענען איז חאָטש נעס היינט און פאָהר אין ארץ ישראל אויף איהר עלטער זיידענס קבר...

ער האָט אַביסעל צונעשמייכעלט ביי די ווערטער, און זיין געזיכט האָט אויס־געדריקט אַ קינדערשען גליק, האַבענדיג אַזאַ מאַמען; דאָס האָט זיך גוט געפיהלט און דעם פרעהליכען נור דעליקאטען אבלאַכען פון איהר מיט איהר עלטער זיידען.

— נו און אייער ווייב?

אָ, מיין פלונית׳טע! נו מיט איהר האָב איך קיין מאָל זיך ניט אונטערגעהאַלטען וועגען דעם... אגב קלערט זי נאָך גאָר ניט וועגען שטארבען... זעהט איהר, אין אמעריקא צו די קינדער פאָהרט זי אַלע טאָג אין דער פריה ווען זי ליגט נאָך אין בעט, און מיר דוכט, אַז מען האָט שוין געקענט אַוועק שווימען אין אַמעריקא אין איהרע טרעהרען, וואָס זי פערגיעסט וועגען די קינדער, וואָס זענען צו זייעט אויף יענעם זייט ים... ער האָט זיך אָבגעהאַקט פלוצלונג און האָט פערשטיקט אַ זיפץ. איך האָב איינינע מינוט געשווינען, ניט וועלענדיג פיהרען ווייטער דעם שמועס, וועלכער האָט, ניט ווילענדיג בעריהרט מייציגס טיעפסטע געפיהלען. דאָך אָבער נאָך אַ קליינע פאוזע האָב איך איהם ווייטער געפרעגט:

— טא פאָהרט אפשר טאַקי אין אַמעריקא.

— איך וועל שוין, דוכט זיך, אין ערגעץ ניט פאָהרען, פאַר אמעריקא בין איך שוין צו אַלט, און זיצען אויף די קינדערש קארק — עט!..

אָבער אין ארץ ישראל, אַהין וואָלט איהר פאָהרען, פאַרט עפּיס ארץ ישראל!

ער האָט ניט גלייך געענטפערט.

— איך וויס ניט, אפשר איז דאָס טאַקי אַ גרויסע מצוה פאָהרען אין ארץ ישראל (ער האָט בעקומען צוריק זיין פרעהליכען טאָן), נור ניט אַזעלכע יודען ווי איך דאַרפען פאָהרען אין פאַלעסטינא. וואָס וועלען מיר דאָרטען טהון, מעהר ווי תהלים זאָגען קענען מיר ניט. אָט פאַר אייך יונגע לייט איז וואָס אַנדערש — האָט ער מיר שוין אָנגעהויבען אָבצאָהלען מיט דער זעלבינער מטבע.— פאָהרט איהר יונגע לייט, וועט איהר וואָס עס איז דערוויזען, אָדער זאָלען וועניגסטענס פאָהרען אָט יענע, וועלכע געהן אום ביי אונז אין שטעדטעל מיט פערקאשערטע שטערענ׳ס און מיט לעדיגע בייכלאַך, דאָרטען וועלען זיי אפשר אויפבויען דעם בית המקדש און אויפהערען צו פאַנטאַזירען, אָבער מיר אַלטע לייט דערצו נאָך אַ בעל עגלה — וואָס טויגען מיר דאָרטען?

— אָט נחמן איז דאָך אויך ניט קיין יונגער מאַן.

— נחמן איז וואָס אַנדערש... דערצו האָט ער ביי קיינעם קיין עצה ניט געפרעגט, יעדערער וויס זיין רעכענונג. זעהט איהר — האָט ער באַלד אָנגעהויבען שוין ערינסטער, — פיר נחמן׳ען איז דאָס אפשר טאַקי אַ גלייכע זאַך, ער איז סיי ווי סיי ביי פעלד, קען אַרבייטען, איז געוויינט אַליין אַליין צו טהון און ער וועט דאָרטען אויך פערדיענען זיין ברוידט ניט אנקומענדיג צו לייטען... אָבער תהלים זאָגער!— פיר זיי איז נאָך דער־ווייל אַ גוטער אָרט ביי אונז אין רוסלאַנד, עט לאָמיר זיצען ווי אונזערע זיידעס זענען געזעסען!.. נחמן, פערגעסט ניט, האָט דערצו אַביסעל קליינגעלד, און ביי אַ נגיד, ווייסט איהר דאָך, איז אַ גרויסער יצר הרע...

— אַלזאָ ווי איך זעה, ר׳ מייציג, וואָלט איהר אין ארץ ישראל ניט געפאָהרען? און אַז מ׳וואָלט אייך געגעבען די ברירה וואָלט איהר גיכער געפאָהרען נאָך אַמעריקא, אַזוי איז דאָס?

— ניין, דאָס אפשר אויך ניט. ארץ ישראל איז זיך אַליין ארץ ישראל, דאָס איז אַ בעזונדערע מעשה און אמעריקא איז א בעזונדערע מעשה. איך ווייס נור אַז אונזערע יידעס זענען געווען קלינגער פאַר אונז און זענען פאָרט געזעסען דאָ... נור אָט „חמשה עשר" עסט מען דאָ אויך באקסער...

מייציג האָט זיך אָבגעהאַקט, האָט זיך אומגעקערט צום פערדיל און איז שטיל געבליבען זיצען. ערענסט צו פילאָזאָפירען איז איהם קאנטיג, ניט איינגענעם געווען. דערווייל זענען מיר שוין צו געקומען נאָהענט צום קרעצים, וועלכע איז געזעסען טיעף איינגעזונקען אין דער ערד מיט איהרע גרויסע פענסטער, דער נייער הויכער שווערער דאך, האָט זיך געדאכט, האָט איהר נאָך מעהר געדריקט אין דער ערד; די סטאדאָלע איז געווען שרעקליך אָבגעלאָזען און דורך די לעכער האָט פון ווייטען ארויסגעקוקט דער בלויער הימעל.



— איהר האָט מיר ניט לאַנג, ר' מייציג, געזאָגט, אַז נחמן האָט קליינגעלד — האָב איך די שטילקייט איבערגעריסען — ווי קומט צו איהם געלד? פון דער קרעצים, אויף וויפיעל איך ווייס, קען מען קיין געלט ניט קלויבען.

— ווי קומט צו אַ יודען געלד איז גאָר קיין קשיה ניט — ענטפערט מיר ר' מייציג מיט אַ לייכט שמייכעל, — אביסעל האָט איהם געשיקט זיין עלטע־ער זוהן פון אַפריקא, וועלכער איז דער גאַנצער אויפּטהוער, ווי מען זאָגט, פון זייער ארץ ישראל, נו, און ווייטער גיט זיך שוין אַ יוד אַ־עצה: מען עסט ניט אַ פּאָר יאָהר כסדר און מען שפּאָרט איין עטליכע צעהנדליג רובעל. און נחמן איז אַ פנים שוין לאַנג געקומען צום שכל פון ניט עסען, און טאָמער וועט איהם פעהלען נאָך עטליכע רובעל איז דאָך ביי יודען אויך קיין בייז נ'ט. אָט האב איך אויף מיין לעבען ניט געהאַט קיין באַרעס געלד אויף אַ פערד צוקויפען און דאך בין איך קיין מאָהל אָהן אַ פערד ניט געזעסען. אַ הער, אַהין, יענער, דער — און איך האָב אַריין געוואָרפען אַ פערדיל אין די האַלאבלעס, און

נחמן וועט שוין אויך אויסקומען. דערצו האָט ער נאָך א רייכען שותף — זלמן דעם סטאראָפאלער, ער פאָהרט אויך מיט איהם צוזאמען, יענער זאָגט מען, האָט שוין א שטיקעל ערד דאָרטען געקויפט דורך א קרוב, די אונטערשטע שורה איז — הכל הבלים, אַז מ'האָט, האָט מען...

— וואָס רעדט איהר, זלמן סטארעפאלער פאָהרט אויך?

— הערט איהר, ווער זאָל נאָך אַזוי פאָהרען ווי ער! ער איז פון די פערברענטע „חובבי־ציון"יקעס ביי אונז אין שטעדטעל, זיין גליק איז, זאָגט ער, וואָס ער האָט גראָד א ביסעל געלד מיט א גוטען וואסער־מיהל, אלא ניט, זאָגט ער, וואָלט ער צופוס אפילו געגאנגען.. זעהט איהר ווענען איהם איז שוין ניטאָ וואָס צו רעדען. א מענש וואָס מוז פאהרען איז וואָס אנדעריש, אזא דארף מען טאַקי מקנא זיין.

מיר זענען צו געפאהרען צום קרעצים, די קרעצים איז געשטאַנען אין מיט'ן פאָליאַנע ביי'ן וועג, וועלכער האָט זיך ווייטער געצויגע: דורך געדיכטע אַלעשניקעס וועלכע זענען געוואקסען געדיכט ביי זיינע ביידע זייטען. ארום איז קיינע געבוידען מעהר ניט געווען. א פריש אויפגעלייגטער שטאג היי איז געשטאַנען הינטערין שטוב.

די טהיר פון קרעצים האב איך געפינען פערשפארט, אין קרצים איז, קאנטיג קיינער ניט געווען. מייציג האָט דערווייל צוגעוואָרפען זיין פערד'ל היי און האט איהם נאך צוגעזאגט שפעטער געבען האָבער, (ער האט מיט זיין פערד'ל אזוי גערעדט פונקט, ווי ער וואלט געווען זיכער, אַז ער פערשטעהט איהם.) נאָך דעם אַז ער האט אויס־געזידעלט נחמן'ען אונטער די אויגען דערפאַר וואס ער האט פערשפארט די טהיר און ניט געקענט פערשטעהן, אַז ער, מייציג, וועט אנפאהרען,— איז ער אַרויף געקראכען אויפ'ן וואגען אויסגלייכען די אַלטע ביינער זיינע, ווי ער האט געזאגט.

איך בין געגאַנגען אין פעלד אויפזוכען נחמן'ען.

(ענדע קומט).

ג. טשורני.

---

# צום זיעבענטעם ציוניסטען־קאנגרעס.

---

אין יעדער פארטיי מוז מען מאכען א אונטערשייד פון דעם ע נ ד־צ י ע ל וואָס די פאַרטיי האָט זיך געשטעלט, צו וועלכען זי שטרעבט און צווישען די מ י ט ע ל וואָס זי ווענדעט אָן כדי צום ציעל צו קומען. דאָס ענד־ציעל בלייבט פאַר אַלע צייטען דאָס זעלבע, בעת די מיטעל קענען זיך פון צייט צו צייט ענדערן. —

אויב אַ פארטיי זאָל איהר ענד־ציעל בייטען אַזוי הערט זי אויף צו עקסיסטירען. ווען די סאָציאַליסטען זאָלען אויפהערן צום „סאָציאַליסטישען שטאאט" צו שטרעבען, אַזוי הערען זיי אויף סאָציאַליסטען צו זיין. זיי קענען בשום אופן ניט רופען זיך מעהר סאָציאַליסטען אויב זיי זאָגען זיך אָפּ פון סאָציאליזם; אויב זיי שטרעבען צו אַזאַ מין שטאאט, למשל, ווי די אנארכיסטען אָדער גאָר ווי די בורזשואַזיע שטעלט זיך פאָר. די מיטעל אָבער וואָס זאָלען פיהרען צו יענעם סאָציאַליסטישען־שטאאט קענען נעווים

פֿון צייט צו צייט געענדערט ווערן. וואס היינט איז נוט קען מארגען שלעכט זיין און פֿארקעהרט. — א פארטיי וואס לעבט, ענטוויקעלט איהרע מיטעל לויט די אומ־שטענדען פֿון דער צייט. —

די חובבי ציון האבען זיך געשטעלט פֿאר א ציעל אין ארץ־ישראל דאס יודישע פֿאלק אויפֿצולעבען. זיי האבען דיעזעס ציעל ניט אפֿילו שטארק אויסגעשריען — נור קיין אנדער ציעל האבען זיי ניט געהאט מיט זייערע קאלאניעס נרינדען אין אונזער לאנד. דורך דער ענערגישער ארבייט פֿון דר. ט. הערצל האבען זיך די חובבי ציון צוזאמען מיט נאך וועניגע אנדערע יודען ארגאניזירט אין א פאליטיש־ציוניסטישער פארטיי וועלכע האט פֿאר דער גאנצער וועלט הויך און מוטהיג ארויסגעשטעלט איהר ענד־ציעל: א יודענשטאאט אין פאלעסטינא. פֿון די פֿערשיעדענע חברות, חברה־לעך און אויך איינצעלנע פערזאנען, איז געווארען איין בערך שטארקע ארגאניזאציע וואס איז געוואקסען פֿון טאג צו טאג קען מען זאגען (מען קען אויך זאגען: צו גיך געוואקסען). נור ניט נור דאס ענד־ציעל איז ארויסגעזאגט געווארען קלאר און דייטליך נור זענען אויך צום טייל אנדערע, נייע מיטעל אנגעווענדעט געווארען כדי צו דיעזעס ענד־ציעל צו קומען.

פֿון יעדען קאנגרעס האבען מיר ערווארטעט קודם־כל א חשבון פֿון דער אפּ־געטהוענער ארבייט. בעטראכטענדיג נאהענט דיעזע ארבייט, האבען מיר געוועהען צו דארפֿען מיר אויך וויטער די איינענע מיטעל אנווענדען, צו נאר מוזען מיר נייע מיטעל און וועגען זוכען, כדי צו אונזער ציעל מעגליכסט גיך און זיכער צו קומען. —

כמעט יעדער קאנגרעס האט געהאלפֿען אויסבעסערן אונזערע מיטעל: אגיטאציע און ארגאניזאציע און בעשאפֿען נייע: באנק, נאציאנאל־פאנד. אויף איין קאנגרעס האט מען אנגעוויזען אז דאס „ערובערן פֿון די געמיינדען" מוז ביי אונז א הויפּט־מיטעל ווערן, אויף א אנדערן קאנגרעס האט מען זיך מיט די „העבונגס־פֿראגען" (געגענווארטס־ארבייט) בעשעפֿטיגט א. אז. וו.

אלעס איז אויף אונזערע קאנגרעסען מעהר אדער וועניגער קריטיקירט געווארען נור איין מיטעל, וואס זאל אונז גיך פֿיהרען צום ציעל (ווי מען האט געגלייבט) האט מען די גאנצע צייט ניט קריטיקירט: דאס איז געוועזען די דיפּלאמאטישע ארבייט, וואס האט געזאלט געפֿיהרט ווערן פֿון גאנצען וויענער אקציאנס־קאמי־טעט מיט דער צושטימונג פֿון די איבריגע ניט וויענער מיטגלידער. נור וועלכעס איז אין אמת'ן נור דורך הערצל געפֿיהרט געווארען און ניט נור אהן דער צושטימונג, נור אפֿילו אפֿט אהן דעם וויסען פֿון די איבריגע אקציאנס־קאמיטעט חברים. —

אז דאס איז א גרויסער פֿעהלער געווען ווייסען איצט פֿיעלע, נור מיר ווילען דא ניט דיסקוטירען מיט'ן גרויסען טוידטען פֿיהרער. —

ביז צום 6־טען קאנגרעס האט דר. ט. הערצל געפֿיהרט דיפּלאמאטישע פֿערהאנדלונגען מיט דעם סולטאן — נור ער האט גאר ניט געקענט אויספֿיהרען. מיר ווייסען אלע ווער עס איז שולדיג: מיר אלע וואס האבען אזוי וועניג גע־ארבייט פֿאר'ן ציוניזם, וואס מיר האבען אלץ געווארט אויף פלוצלינגע נסים־דיגע ישועות פֿון „אויבען"; מיר אלע, וואס מיר האבען ניט בעשאפֿען יענע רעאלע מאכט, יענע שטארקע ארגאניזאציע און יענע גייסטיגע און מאטעריעלע מיטעל אויף וועלכע הערצל זאל זיך קענען פֿעסט אנשפארען.

ווי באַלד די דיפּלאָמאַטישע פֿערהאַנדלונגען האָבען ניט געפֿיהרט צום ציעל האָט דר. הערצל זיך געמוזט זאָגען: אָדער דאָס מיטעל טויג איבערהויפּט ניט, אָדער עס איז צו פֿריה אָנגעווענדעט געוואָרען ד. ה. אַז מיר מוזען קודם כל בעשאַפֿען יענע רעאַלע קראַפט אויף וועלכער מען קען זיך שטיצען ביי אַזעלכע פֿערהאַנדלונגען. ניט דאָס ערשטע, ניט דאָס צווייטע איז געשעהן. — ניט נור די גרויסע מאַסע נור, צום בעדויערן, האָט אויך הערצל אַליין אָט אין דיעזע דיפּלאָמאַטישע פֿערהאַנדלונגען כמעט דאָס ענד־ציעל פֿון ציוניזם געזעהן און זעהר אָפּט פֿאַרגעסען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי אַ מיטעל צום ציעל. —

אַ דאַנק דיעזען ניט ריכטיגען קוק אויף די „דיפּלאָמאַטישע פֿערהאַנדלונגען" און אַ דאַנק די זייטיגע סיבות ווי קישינעווער שרעקליכער פּאָגראָם און דאָס פֿערלאַנגען פֿון דעם רוב ציוניסטען וואָס גיכער עפּיס צו „געבען" דעם יודישען פֿאָלק און נאָך זייטיגע אורזאַכען — האָבען מיר בעקומען אַ מתנה: אוגאַנדא מיט'ן גאַנצען חורבן, וואָס דיעזע ליעבע מתנה האָט ביי אונז אָנגעמאַכט.

אוגאַנדאַ וואָס וועט איצט אַראָפּ פֿונ'ם ציוניסטישען מאַרק האָט אונז איבערגעלאָזט דעם אוגאַנדיזם מיט'ן טעריטאָריאַליזם.

אוגאַנדיזם איז די תורה, אַז דורך קאָלאָניזאַציע אין פֿערשיעדענע לענדער וועלען מיר ערשטענס גיך העלפֿען די מיליאָנען אָרעמע יודען און צווייטענס וועלען מיר זיך אויף דעם אופֿן קאָלאָניזאַטאָריש פֿאָרבערייטען צום יודענשטאַאט אין ארץ־ישראל. —

טעריטאָריאַליזם איז די אידעע, אַז פּאַלעסטינאַ דאַרפֿען מיר בכלל ניט (אָדער אַז פּאַלעסטינאַ איז גאָר פֿאַר אונז שעדליך ווי אַנדערע טעריטאָריאַליסטען — למשל זאַנגוויל — מיינען). נור דאַרף אונזער ענד־ציעל בעשטעהן אין דעם: צו זוכען אַ טעריטאָריע ערגעץ־וואו, כדי דאָרט אויפֿצובויען דעם קינפֿטיגען יודענשטאַאט. —

דער טעריטאָריאַליזם האָט אַלזאָ קלאָר זיך געשטעלט אַ אַנדערעס ענד־ציעל אַלס דער ציוניזם און ער האָט דערפֿאַר קיין שום שייכות מיט איהם. דאָס איז אַ פֿראַגע וועלכע קען גאָר ניט אפילו אויפֿ'ן ציוניסטישען קאָנגרעס געשטעלט ווערן. מען קען גאָר איבער איהר ניט אָפּשטימען דען קיין שום רוב (אפילו 99 געגען 1) קען ניט בעשטימען, אַז דער מעוט דאַרף זיין ניט ציוניסטיש. פֿון דעם מאָמענט וואָס די ציוניסטען זאָגען זיך אָפּ פֿון זייער ענד־ציעל: אַ יודענשטאַאט אין פּאַלעסטינאַ — פֿון דיעזען מאָמענט אָן זענען די ציוניסטען קיינע ציוניסטען מעהר, גראַד ווי יענע סאָציאַליסטען זענען ניט מעהר סאָציאַליסטיש, ווען זיי זאָגען זיך אָפּ פֿון סאָציאַליזם.

דער „בונד" בעקעמפֿט דעם ציוניזם. דער „בונד" געפֿינט, אַז דער ציוניזם איז שעדליך פֿאַר'ן יודישען פֿאָלק און ער זוכט דערפֿאַר „אויפֿצוקלערען" די יודישע מאַסען, אַז זיי זאָלען זיך אָפּזאָגען פֿון ציוניזם.

די טעריטאָריאַליסטען קענען דאָס זעלבע טהון. זיי קענען אויך „אויפֿקלערען" דאָס פֿאָלק, אַז דאָס ענד־ציעל פֿון די ציוניסטען איז אָדער ניט צום דערגרייכען, אָדער גאָר שעדליך פֿאַר אונז. זיי קענען דאָס טהון (ווי דער „בונד" אָדער ווי די פֿינסטערע חסידים) אויסערהאַלב דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אריינצוטרעטען אָבער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע כדי זיך בענוטצען מיט איהר מיטעל גענען דעם ענד־ציעל פון דיעזער אָרגאַניזאַציע איז — אויף פראָסט יודיש: אַ נידריגעס פערברעכען.

עס איז גאָר קיין ספק, אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס, וועט זיך מיט די טעריטאריאליסטען ניט צערעמאניען און וועט זיי קלאָר מאַכען, אַז זיי האָבען דאָרט ניט וואָס צו זוכען.

ניט אַזוי לייכט איז אָבער פערטיג צו ווערן מיטן אוגאַנדיזם. דער אוגאַנדיזם איז נור טהעאָרעטיש פערשיעדען פון טעריטאריאַליזם, פראַקטיש איז ער אָבער דאָס זעלבע.

אויב מען זאָל זוכען לענדער אויף זיך פּאָרבערייטען דאָרט פאַר פּאַלעסטינאַ (ווי די אוגאַנדיסטען זאָגען) אָדער כדי דאָרט טאַקע דעם יודען־שטאַאַט צו גרינדען (ווי די טעריטאריאַליסטען ווילען) איז דאָך סוף כל סוף דאָסזעלבע. דאָס הייסט אַזוי פיעל ווי אָפּווענדען די ציוניסטישע כוחות פון זייער אמת׳ן ענד־ציעל, דאָס הייסט אויך אַזוי פיעל ווי ערוועקען פאַלשע האפנונגען אין די לײדענדע מאַסען, אַז אָט באַלד וועלען זיי אין אַ ניי לאַנד געהאָלפען ווערן.

דער זיעבענטער קאָנגרעס האָט דערפאַר גאָר אַנדערע אויפגאַבען אַלס די פריהערע קאָנגרעסען. ער מוז איצט ניט נור די טעריטאריאַליסטען די אָפּענע טהיר ווייזען, נור מוז ער אויך מיט קלאָרע ווערטער דעם פאָלק ערקלערען: צו בעטראַכט ער אַלס מיטעל צום ציוניסטישען ענד־ציעל אויך דאָס זוכען לענדער אויף צו גרינדען „נאַכט־הייזלעך".

דער זיעבענטער קאָנגרעס וועט אין געוויסען זינן דער ערשטער זיין: אויב ער וועט קלאָר און דייטליך דאָס ציוניסטישע ענד־ציעל ווידער פעסטשטעלען ד. ה. אויב ער וועט ווידער אָנעמען דאָס בעקאַנטע באַזלער פּראָגראַם: דאָס בע־שאַפען אַ היים אין ארץ־ישראל; אָדער ער וועט דער לעצטער ציוניסטישער קאָנגרעס זיין: אויב ער וועט צווישען די מיטעל וואָס פיהרען צום ענד־ציעל אַריינ־נעמען אויך דעם אוגאַנדיזם.

מיר ציוניסטען האָבען דערפאַר אויף דיעזען קאָנגרעס אָדער אַלעס צו פערליערען אָדער, אַלעס צו געווינען, ד. ה. אָדער מיר צערשטערען דורך אייגענע הענד די 8־יעהריגע שווערע ארבייט, אָדער מיר בעפעסטיגען די אפגעטוהענע אַרבייט און מיט פרישע כוחות אַרבייטען מיר ווייטער.

עס מוז פאַר יעדען קלאָר זיין אז ווייטער מלחמה פיהרען טאָרען מיר ניט און קענען אויך ניט. ווערט דער קאָנגרעס אַ אוגאַנדיסטישער אַזוי מוזען מיר ציוניסטען זיך פון איהם אָבזאָגען, אָדער ער בלייבט אַ ציוניסטישער און די אונאַנדיסטען מוזען אָדער אָפּטרעטען, אָדער אויפהערען אוגאַנדיסטען צו זיין.

אָט דאָס איז דער הויפּט־מאָמענט פון קומענדען קאָנגרעס.

* * *

נעבען דיעזען הויפט־מאָמענט זענען פאַראַן נאָך פיעלע זעהר וויכטיגע מאָמענ־טען: צו זאָלען מיר איבערגעבען די פיהרערשאַפט אין די הענד פון נאָרדוי־וואָרבורג־וואָלפזאָן, צו זאָלען מיר (רוסישע ציוניסטען) האָבען אין ענגערן אַקציאָנס־קאָמיטעט אַ רוסישען פאָרשטעהער, אָדער גאָר זאָל אויפ׳ן אָרט פון

אַ קליינֶעם אַקציאָנס־קאָמיטעט זיין אַ בעֶצאהלטעס „סעֶקרעטאריאט“, וואָס זאָל אויפ׳ן קאָנגרעס אויסגעֶקליבען וועֶרן (מעֶן וויזט אָן אויף ב. פֿייוועֶל, דר. ח. ווייצמאַן, מ. שיינקין אָדעֶר ד. טריטש א. ד. ג.) און נאָך וויכטיגע פֿראַגעֶן ווי די פֿראַגעֶ ווי אַזוֹי אַוועקשטעֶלען אונזעֶר אָפֿיציעלעֶן אָרגאַן „די וועֶלט“. אַז זי זאָל ניט אַזוֹי שלעֶכט און מיט אַזעֶלכעֶ גראָבעֶ העֶנד געֶפֿיהרט וועֶרן ווי ביז איצט א. ד. ג.

אַלעֶס העֶנגט אָבעֶר אָפּ פֿון דער הויפּט־פֿראַגעֶ: צו בלייבט דער קאָנגרעֶס אַ ציוֹניסטישעֶר צו ניין.

אוֹיב די צ י וֹ נ י ס ט עֶ ן (אָדעֶר ווי מעֶן זאָגט איצט: פּאַלעֶסטינאַ ציוֹניסטעֶן) וועֶלעֶן זיך טרייסטעֶן דערמיט וואָס די אוגאנדא עקספּעדיציעֶ האָט געֶבראַכט אַ שלעֶכטעֶן בעֶריכט און זיי וועֶלעֶן זיך ניט פֿארבעֶרייטען צוּם קאָנגרעֶס, אַזוֹי בעֶגעהן יי דעֶרמיט אַ ה י ס ט אָ ר י ש ע ס פֿ ע ר ב ר ע כ ע ן וועֶלכעֶס זיי וועֶלעֶן ניט קענען אַזוֹי גיך גוט מאַכעֶן. נור מיר ווילען האָפֿעֶן, אַז די ציוניסטעֶן וועֶלעֶן איצט אַ ל עֶ זייערע כוחות אנשטרעֶנגעֶן און צ י וֹ נ י ס ט י ש עֶ דעֶלעֶגאַטען צוּם צ י וֹ נ י ס ט י ש עֶ ן קאָנגרעֶס שיקעֶן. דאַן וועלען מ י ר ג ע ו ו י ס זיעגען, מיר וועֶלען זיעגען ווייל מיר קעֶמפּפֿעֶן פֿאַר אַ גערעֶכטען, פֿאַר אַ אמת׳ן פּרינציפּ אין ציוניזם. און דער אמת איז אַלע מאָל שטאַרקעֶר פֿונ׳ם שקר.

דר. י. ווארטסמאנן.

# אַ בריעף אין רעדאַקציע.

געעהרטער הער רעדאַקטאָר!

ערלויבט מיר דורך אייער זשורנאַל „די יודישע צוקונפֿט“ אַ פּאָר וויכטיגע קלייניגקייטען מיטצוטיילען: דער נאָמען פֿון דר. נ. ס י ר ק י ן (פּאַריז) איז ניט אונבעקאַנט. אין דער לעטצטער צייט הערט מען אָבער פֿון איהם וועניג; איך געפֿין דערפֿאַר פֿאַר נייטיג דעם עולם צו דער־מאָנען אַז דר. נ. ס י ר ק י ן לעבט נאָך און אַרבייט געשמאַק פֿאַר׳ן „ציוניזם“. בעזאָנדערס גרויס און וויכטיג איז זיין ל י ט ע ר אַ ר י ש ע ט ה ע ט י ג ק י י ט. אָט האָב איך איצט בעקומען אַ פֿלוג־בלעטעל מיט׳ן נאָמען „ד ע ר ע ר ש ט ע ר מ א י“ אַרויסגעגעבען פֿון די „פּועלי־ציון“ ל אָ נ ד אָ ן און פּ אַ ר י ז פֿון יענע „פּועלי־ציון“ וואָס דר. נ. סירקין האט זיי אָרגאַניזירט. (מיר האָבען דאָ אויך צ י וֹ נ י ס ט י ש ע „פּועלי־ציון“). — דאָס פֿלוג־בלעטעל „אויפֿגעשריבען פֿון אונזער דאָקטאר נ. סירקין איז זעהר וואַרעם, טאַקטיש, אינהאַלטס־רייך און דער ביי „וויסענ־שאַפֿטליך“!

אָט וואָס ער שרייבט צווישען אַנדערן:

„קעמפּפֿענדיג דעם ערשטען מאי געגען אַלע שונאים פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם סאָציאַליזם, קעמפּפֿט דער אידישער פּראָלעטאַריאַט דורך דעם ערשטען מאי אויך געגען זיינע אייגענע שונאים, געגען די אידישע אַסעמילאַטאָרישע בורזשואַזיא, ווי געגען די פֿאַלשע און רעאַקציאָנערע פּאַלעסטינעזישע ציוניסטען, וועלכע עס פֿיהלען ניט מיט דאָס עלענד פֿון די אידישע פֿאָלקסמאַסען און ווילען שטערען איהר בעפֿרייאונג אין איהר סאָציאַליזם אויף אַ אייגענעם פֿרייען אידישען טעריטאָריום“.

זאָלען עס אונזערע ברידער, די ציוניסטישע אַרבייטער, אויף דער גאַנצען וועלט וויסען אַז פֿון איצט אָן דאַרפֿען זיי דעם ע ר ש ט ע ן מ א י בענוטצען כדי צו „בעקעמפֿען" די „אייגענע שונאים" די „פֿאַלשע און רעאקציאָנערע פּאלעסטינעזישע ציוניסטען". —

אַז איך בין שוין ביים שרייבען וויל איך אייך נאָך עפּיס מיטיילען: ד"ר נ. סירקין האָט ווי יעדער געלעהרטער מאַן, אייגענע תלמידים; דאָס איז קיין נייעס. אינטערעסאַנט איז אָבער צו וויסען אַז ז י י נ ע תלמידים „געהען איהם איבער"; דאָס זעה איך אויך פֿון אַ פֿלוג-בלעטעל וואָס עטליכע תלמידים ד"ר סירקין'ס, עטליכע ל אָ נ ד אָ נ ע ר „פּועלי-ציון" האָבען אַרויס-געלאָזט. דאָסבלעטעל הייסט „ג ל ה ג א ס ט ע ר, א ו נ ד צ י ו נ ג'ס ק אָ ז א ק ע ן!" דר. גאַסטער ווערט דאָרט נאָך געקרוינט מיט'ן נאָמען „אידישער פּאבעדאָנאסצעוו" (אָט צו וואָס מיר האָבען זיך דערלעבט...) און דער רעדאקטאָר פֿון דער „יודישען פֿרייהייט" (ציוניסטישע) ווערט אַלס שווינדלער און גנב אנגערופֿען. „די יודישע פֿרייהייט" אַליין ווערט בעצייכנעט אַלס ש מ ו ט ץ-ב ל אַ ט.

כדי איהר זאָלט פֿערשטעהן פֿאַר וואָס „די יודישע פֿרייהייט" איז אַ „ש מ ו ט ץ-ב ל אַ ט" מוז איך אייך דערצעהלען, אַז דאָרט זענען איבערגעדרוקט אַרטיקעל פֿון דר. י. קלוויזנער. מ. העסס; י. ל. פּרץ; און פֿון דר. נ. סירקין אַליין אויך...

גענוג פֿאַר דאָס איצטיגע מאָל. וועט איהר, העד רעדאַקטאָר, אָפּדרוקען מיין בריעוועל אַזוי וועל איך אייך מיט דער צייט נאָך און נאָך וויכטיגע נייעסען דערצעהלען: עפּיס האָבען מיר דאָך דאָ אין לאָנדאָן אַ שרעק גרויסע לייט...

זייט מיר געזונד.

דער רויטער יונגערמאַנטשיק.

P. S. למה"ש! זאָגט קיינעם ניט אויס מיין ריכטיגען נאָמען. ווער ווייסט וואָס „חברה" קען מיר אָפּטהון...

בעמערק. פֿון רעד. מיר האָבען דיעזען בריעף ניט געדרוקט ביז מען האָט אונז ניט די פֿלוג-בלעטלעך געשיקט. ה. לודוויפּאָל האָט די טעריטאָריאַליסטען ח ו נ ח ו ז ע ן אָנגערופֿען. לעזענדיג אָט די בלעטלעך איבערצייגט מען זיך אַז ניט בלויס ח ו נ ח ו ז ע ן נור אויך דאָס חוליגאַנענטום ענטוויקעלט זיך צווישען די טעריטאָריאַליסטען. קיין אַנדערע בעצייכנונג פֿאַר די מחברים פֿון יענע „דאָקומענטען" האָבען מיר ניט. ביי דיעזער געלעגענהייט ווילען מיר אויך אונזערע לעזער מיטיילען אַז די וואַרשויער טעריטאָריאַליסטען האָבען איצט אַ „וויטץ-בלאַט" צוזאַמענגעשטעלט (איז נאָך ניט געדרוקט) וואו איהר געפֿינט אַזאַ מין שאַרפֿזיניגען „וויטץ": „די יודישע צוקונפֿט" — הייסט עס דאָרט — האָט ק ר ו ש עוואַ נ ע ן אַלס מיטאַרבייטער: ער שרייבט זיך אונטער „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק". —

אויב דאָס איז קיין סאָרט שרייבען פֿון ח ו ל י ג אַ נ ע ס, אַזוי ווייסען מיר ניט וואָס הייסט איבערהויפּט „הוליגאַנענטום". —

# בריעפֿקאסטען פֿון רעדאקציע.

1) „פּועלי ציון" אין...: צו אונזער גרעסטען בעדויערן האָט אייער ע ר ש ט ע ר צירקוליאַר ניט געקענט — אויס פּלאַצמאַנגעל — קומען אין ד י ע ז ע ן העפֿט. מיר בענוטצען דיעזע געלעגענהייט צו בעגריסען די פּאַלעסטינישע פּועלי-ציון אין וואונשען אַז די ד ע ר ו ו י י ל י ג ע פֿעראייניגונג זאָל ווערען אַ ב ע ש ט ע נ ד י ג ע.

2) הערדן מ. ג. אין אַ ר ה י ו ב (בעסס. גוב): אייער „מאמר" ווילען מיר נ י ט דריקען אַ עצה טובה ווילען מיר אָבער אייך יאָ געבען: אויב איהר וועט אָפּהאַלטען נאָך אַ גרויסע

ציוניסטישע פֿערזאַמלונג און די „בונדען״ וועלען א
אויסהערן און זיי ערקלערען אַז די אמת׳ע פֿ
רען אַנדערע פֿערזאַמלונגען, נור אַנטלויפֿען דורך ד
פֿען אייערע „דאַמען און פֿריילין״ זיך שטאַרקען ד
אייער „כמעט״ צעבראָכענעם פֿוס — געהט צו אַ ד
קורירט, זאָלט איהר מעהר דורכ׳ן פֿענסטער ניט ש
וכען בירע פֿיס און דערמיט אָנטהון אַ שאדען דעם
אַזוי געשמאַק...

3) י. ר. אין קיעוו. איהר האָט רעכט. דר.
וועלט״ אַ ביסעל פון אמת אָפגעטרעטען. אין וויל
טעריטאָריאַליסטען טאָרען ניט נעמען
דר. מ. שרייבט. דער אונטערשיעד איז פֿאַר יעדען
וואָס=זשע האָט איהר צו אונז טענות? —

4) ד״ר ר. אין אַמסטערדאַם. איהר קענ
דרוקט אַזאַ מין אַרטיקעל ווי דעם פֿון דר. יערעמ
מיט אַ כיון פֿאַלש אוסישקינען אַז ער פֿרעהט זיך ו
אויס לייענט איהר ניט אָפֿט „די וועלט״, ווען ניט אַזוי וואָלט איהר ווייסען אַז „די וועלט״ האָט אַלע מאָל די שמוטציגסטע זאַכען גדריקט כדי נור די וויכטיגסטע רוסישע ציוניסטען צו פֿער=שמירען, בעת זי האָט ניט געלאָזט קיין וואָרט רעדען געגען די „גרויסע״ ציוניסטען (!) ווי זאַנגוויל און חברים.

5) בן=אדם אין ווילנא. אייך ערגערט וואָס „הזמן״, „הצפירה״ און „פֿריינד״ האָבען ניט איבער געדרוקט ניט בעלקינדס׳ס תשובה, ניט קוינאַרסקעס (קישינעוו) בריעף אין Х. Е. Ж.; איהר פֿערשטעהט ניט ווי אַזוי יודישע צייטונגען זוכען ניט דעם אמת. איהר זענט, ווייזט אויס, אַ גאַנץ נאַיווער מענש. צו וואָס דאַרפֿען אונזערע צייטונגען דעם אמת זוכען בעת יי ווייסען דעם אמת און ווענדען אַלעס אָן כדי איהם צו פֿערשטעלען.

6) בן־יצחק, וואַרשא: איהר האָט רעכט. מיר מיינען אויך, אַז דער „פֿריינד״ האָט בעדאַרפֿט ברענגען די בילדער פֿון די יודישע קדושים און ניט נור פֿון בלינאָווען. נור ווייסט איהר דען ניט אַז דער „פֿריינד״ איז אין געוויסען זינן געוואָרען אַ „מה=יפית׳ניק״? —

---

# יודישער נאַציאָנאַל־פֿאָנד.

(דאָ ווערען קוויטירט געלדער, וואָס זענען אונז אַריינגעשיקט געוואָרען).

זאַמלונג אויף איינצושרייבען אין גאָלדענעם בוך פֿון יודישען נאַציאָנאַל-פֿאָנד די יודישע העלדען וואָס זענען געפֿאַלען אין זשיטאָמיר, מאַי 1905.

1) דר. י. וואָרטסמאַן — — 3.00 רובעל
2) ירחמיאל פֿיינשטיין — — 30 „ קאָפּ.
3) חיים קצנעלסאָן — — — 30 „ „
4) אברהם י. — — — — 50 „ „
5) שמחה רובינשטיין — — 50 „ „
6) בתיה רחלינא — — — 20 „ „
7) ז. לעוויטאַס — — — — „ 1 רובעל
8) מ. אוסישקין — — — — „ 2 „
9) מ. פֿרידלאַנד — — — — „ 1 „
10) מאַסענקוס — — — — 50 „ קאָפּ.
11) מ. ערליך — — — — — 40 „ „

ס״ה — — — — 9.70 רובל.

ציוניסטישע פֿערזאַמלונג און די „בונדען" וועלען איך נאָך אַמאָל שטערען, אַזוי זאָלט איהר זיי אויסהערן און זיי ערקלערען אַז די אמת'ע פֿריי־הייט בעשטעהט ניט אין דעם צו שטערען אַנדערע פֿערזאַמלונגען, נור אַנטלויפֿען דורך די פֿענסטער דאַרפֿט איהר ניט; אויך דאַרפֿען אייערע „דאַמען און פֿריילײן" זיך שטאַרקען די נערוווען און ניט פֿאַלען אין חלשות; מיט אייער „במעט" צעבראָכענעם פֿוס — געהט צו אַ דאָקטאָר און אַז איהר וועט שוין זיין אויסקורירט, זאָלט איהר מעהר דורכ'ן פֿענסטער ניט שפּרינגען, דען איהר קענט נאָך חלילה ברעכען ביידע פֿיס און דערמיט אָנטהון אַ שאַדען דעם „יודישען פֿאָלק" פֿאַר וועלכען איהר אַרבייט אַזוי געשמאַק...

3) י. ר. אין קיעוו. איהר האָט רעכט. דר. מאַנדעלשטאַם איז אין זיין אַרטיקעל אין „די וועלט" אַ ביסעל פֿון אמת אָפּגעטרעטען, אין ווילנאָ האבען די „ציוני ציון" אָנגענומען אַז טעריטאָריאַליסטען טאָרען ניט נעמען שקלים. און ניט אוגאַנדיסטען ווי דר. מ. שרייבט. דער אונטערשיעד איז פֿאַר יעדען קלאָר. נור איינס פֿערשטעהן מיר ניט: פֿאַר־וואָס־זשע האָט איהר צו אונז טענות? —

4) ד״ר ר. אין אַמסטערדאַם. איהר קענט זיך גאָר ניט אָפּווינדערן וואָס „די וועלט" דרוקט אַזאַ מין אַרטיקעל ווי דעם פֿון דר. יערעמיאַס (פּאָזען) אין וועלכען ער בעשולדיגט מיט אַ כיון פֿאַלש אוסישקינען אַז ער פּרעהט זיך וואָס הערצל איז געשטאָרבען. ווי עס ווייזט אויס לייענט איהר ניט אָפֿט „די וועלט", ווען ניט אַזוי וואָלט איהר וויסען אַז „די וועלט" האָט אַלע מאָל די שמוטציגסטע זאַכען געדריקט כדי נור די וויכטיגסטע רוסישע ציוניסטען צו פֿערשמירען, בעת זי האָט ניט געלאָזט קיין וואָרט רעדען געגען די „גרויסע" ציוניסטען (!) ווי זאַנגוויל און חברים.

5) בן־אדם אין ווילנא. איך ערגערט וואָס „הזמן", „הצפירה" און „פֿריינד" האָבען ניט איבער געדרוקט ניט בעלקינדס'ס תשובה, ניט קוינאַרסקעס (קישינעוו) בריעף אין Х. Е. Ж.; איהר פֿערשטעהט ניט ווי אַזוי יודישע צייטונגען זוכען ניט דעם אמת. איהר זענט, ווייזט אויס, אַ גאַנץ נאַיוועָר מענש. צו וואָס דאַרפֿען אַנזערע צייטונגען דעם אמת זוכען בעת יי וויסען דעם אמת און ווענדען אַלעס אָן כדי איהם צו פֿערשטעלען.

6) בן־יצחק, וואַרשאַ: איהר האָט רעכט. מיר מיינען אויך, אַז דער „פֿריינד" האָט בעדאַרפֿט ברענגען די בילדער פֿון די יודישע קדושים און ניט נור פֿון בלינאָוועָן. נור ווייסט איהר דען ניט אַז דער „פֿריינד" איז אין געוויסען זינען געוואָרען אַ „מה־יפית'ניק"? —

---

## יודישער נאַציאָנאַל־פֿאָנד.

(דאָ ווערען קוויטירט געלדער, וואָס זענען אונז אריינגעשיקט געוואָרען).

זאַמלונג אויף איינצושרייבען אין גאָלדענעם בוך פֿון יודישען נאַציאָנאַל־פֿאָנד די יודישע העלדען וואָס זענען געפֿאַלען אין זשיטאָמיר, מאַי 1905.

| | |
|---|---|
| 1) דר. י. וואָרטסמאַן — — 3.00 רובעל | 7) ז. לעוויטאַס — — — — „ 1 רובעל |
| 2) ירחמיאל פֿיינשטיין — — 30 „ קאָפּ. | 8) מ. אוסישקין — — — — „ 2 „ |
| 3) חיים קצנעלסאָן — — — 30 „ „ | 9) מ. פֿרידלאַנדר — — — — „ 1 „ |
| 4) אברהם י. — — — — 50 „ „ | 10) מאַסענקוס — — — 50 „ קאָפּ. |
| 5) שמחה רובינשטיין — — 50 „ „ | 11) מ. ערליך — — — — 40 „ „ |
| 6) בתיה רחלינא — — — 20 „ „ | ס״ה — — — 9.70 רובל. |

**„The Jewisch Future“**

**A SOCIAL, LITERARY AND SCIENTIFIC MONTHLY.**

**Editor: Dr. CH. WORTSMANN.**

**אדמיניסטראציע פיר אויסלאנד:**

**M. EHRLICH, Krakau (Galizien)**

**Sebastyana 30**

**»Еврейская Будущность«**

Ежемѣсячный общественный литературный и научный журналъ.

**אדרעסע פיר רוסלאנד:**

**Др. Х. Вортсманъ, Варшава,**

**Новолипье 36/77.**

יעהרליך: 6 שילינג; 7 מארק; 8 פראנק; 6 קראנען; 1,20 דאלאר; 2,50 רובל.

½ יאהר: 3 „ ; 3½ „ ; 4 „ ; 3 „ ; 0,60 סענט ; 1,25 „

אין אפריקא און אווסטר. א יאהר: 8 שיל., ½ יאהר — 5 שיל., איין העפט: 1 שילינג.

איין העפט: 30 קאפ; 30 קרייצער; 6 פענס; 12 סענט; 75 סענטים; 60 פפעניג.

איינציגע העפטען קען מען איך בעקומען ביי: Изд. „ЯВНЕ“, Варшава.

פערט. פיר אמעריקא: S. DRUCKERMAN, 50 Canal Str. NEW-JORK.